# בראָנזווילער געזאַנג

פון דאָוויד סעלצער

מעכאַבער: „בעסאַראַבער לידער", 1937

האַלצשניטן פון

הערלען וועסט הערער




פאַרלאַג בראָנזוויל, ניו יאָרק, 1942

# BRONZVILER GEZANG

## (BROWNSVILLE CHANT)

**by David Seltzer**

Author of: "Bessarabian Songs," New York, 1937

Woodcuts by

**Helen West Heller**



---

FARLAG BROWNSVILLE, 1942

209

# ווידמונג

מיין מאַמען און איר ברודער
בערל פון זגוריצע

קיין ארגענטינע, ענטרע־ריעס,
איז אַוועק מיין פעטער בערל
און מיין מאַמע ווישט די וויעס,
ציילט פאַרטרויערט טרערן־פּערל.

פון בעסאַראַבער ערד דער שוואַרצער
אין ווייטער וועלט איז ער געלאָפן,
קריגן דאָרטן פעלד און אַקער
און אויף פריי זיין לעבן שאַפן.

שער און אייזן איינגעבונדן,
צונזער, מענדעלע — פאַרפּאַקט,
האָט ער לעצטן שטערן אויסגעצונדן
און געלאָזט זיך מיטן טראַקט.

לעצטער קוק אויף ווייסע שטיבער,
לעצטער בליק אויף גרינעם לאָן,
און זיין האַרץ ווערט ווייך און טריבער
און פאַרלאַנגזאַמט ווערט זיין שפּאַן.

נאָר פון ווייטן מאַניעט מאָרגן
און עס רופט באַראָן דע־הירש,
און דאָס אויג ווערט פול מיט קאָרן,
און אין אויער — פערד־געהירזש.

רייך און שיין איז אַרגענטינע
און מענאַדווים טיילן ערד,
און די פעלדער זיינען גאָלדיק גרינע,
פעטע זיינען — קי און פערד.

טראָגט זיך איבער שליאַך און יאַמען
דער זגוריצער בערל כאַיעט,
ווייט פון שוועסטער און פון מאַמען,
אָנגעכאָלעמט און פאַרטייעט.

נאָר פאַרשוואונדן איז דער קישעף,
אוים מיט פעלדער, אוים מיט פערד,
סאַן אַנטאָניע איז אַ קליינער יישעוו —
קריגט בערל בלויז פיר איילן ערד.

ליגט ער דאָרט אין ענטרע־ריעס,
ווייט פון בעסאַראַבער היים,
און מיין מאַמע ווישט די וויעס,
ציילט די פערל אין געהיים.

# פ ל י י ט י ם

ווי קליין עס קוקן אויס די יאָרן אין דעם כעשבן פון די דוירעס,
ווי נישטיק איז איינאיינציק לעבן אין דעם גרויסן קלאַל,
דאָך ריזיק זיינען די דעקאַדן פון אונדזער בלוטיקן יאָרהונדערט
און האָפּעדיק איז העלדן־מוט פון אונדזער קריגערישן דאָר.

אויב די גאַנצע וועלט קומט־אויף־און־אום אין יעדן טראָפּן טוי,
און עפּאָכעס גאַנצע לייענען זיך אַרויס פון טויטן קוואַרץ,
קען אונדזער צייט אַוואַדע זיך אין יעדן דאָר דערקענען
און יעדע ליידפולע נעשאָמע אין אַ צווייטערס וואונדיק האַרץ.

**עס זיינען** קינדער יידישע קיין ניו יאָרק אָנגעקומען.
געבוירענע אין בלוט פון שכיטעס און פון שלאַכטן,
מיט סרייפע־שרעק אין אומרו־אַפּלדיקע אויגן,
מיט דוירעס לאַסטן אַף די ביינערדיקע פּלייצעס —
האָבן זיי די ערד פון נייער וועלט מיט ציטער־טריט באַטראָטן.
און געקומען זיינען זיי דורך אַלע וואַסער־פלוסן,
און דורכגעשניטן גרענעצן מיט אַלע שוואַרצסטע שטעגן,
און מיט הינטער־געסלעך זיך געשלייכט דורך קרוין־שטעט קראַכן.
דאָך האָבן זיי קיין שיינקייטן אין הערצער ניט באַנומען
און האָבן ניט קיין פריידן צו געדענקען.

די קרייטן־ברעגן פון דעם קלאָרן דניעסטער,
די מוטנע ווייסל און דער בלויער בלענד פון דעם דונאַי,
די שקוואַלן פון דעם שוואַרצן יאַם, דער באָספאָר, אַדריאַטיק,
דער גליוועה־פוך פון ווייסן יאַם, דער באַלטיק און אַטלאַנטיק,
די פּאָרטן פון קאָסטאַנצאַ, סטאַמבול, אַטען און נעאַפּאָל,
די געטאָ־שטעט פון יאַסי, וואַרשע, פּראַגע און בערלין,
וואָס האָבן זיי געגעבן פּליטים אויפן וואַנדער־וועג?
וואָס האָבן זיי געטיילט פון גלאַנץ און רום?
אין יעדן לאַנד אַנטקעגן איז געקומען בלויז די נויט.
אַ יעדע אויסגעשטרעקטע האַנט באַקומען האָט בלויז אָרעם־ברויט.

ווי פֿי דערשראָקענע אין פּראַכט-שיפֿן צונויפֿגעטריבן,
און אָנגעוואָלגערט קינד-און-קייט אַף פּערינעס און זעק,
האָט די פּליכטלינג-איידע פֿאַר יעדן שאָרך און שאָטן איינגעציטערט.
און יעדער בייזער יעכץ פֿון דאַמפּיקער סירענע,
און יעדער שטאָל-געקלאַנג פֿון שווערע אַנקער-קייטן,
האָט ווי מיט שווערד-און-שפּאָרן זיך אין בלוט צעקלימפּערט.
און שוידער-שטראָם האָט אין געדעכעניש זיך אויפֿסניי צעשוימט
און גאַזלענדיק געלויערט איבער שלאָף מיט וויסטן נעכטן,
און כאַלעם-גרויל האָט אויסגעוועבט מעשוגענע געשפּענסן
אין פֿינצטער-וואַלד פֿון נעפּלדיקן, אומבאַקאַנטן מאָרגן.

און אַפֿילע ווען דער יאַם האָט מיט לעוואָנע-זילבער זיך צעבלעזלט
און ס'האָבן די מאַטראָסן נאָכן טאָג פֿון שווערער מי
צעסטרונעט די גיטאַרעס און צעצויגן אַקאָרדינע-פֿאַלדן,
און געזונגען סערענאַדעס און האָפּערדיקע יאַם-באַלאַדן,
און פֿרייד-און-לייד-געזאַנגען פֿון אַלע ווייטסטע פּאָרטן —
האָט אויך דער שטילער ניגן פֿון כצאָס אַרויסגעקלאָגט
פֿון אַלע טיפֿענישן פֿון די אָנגעגרוזעוועטע קעלער-באָרטן,
און פֿון אַלע דעקן-ווינקלען איינגענורעטע, איינגעדעקטע,
האָט כאָר פֿון קינדער יידישע, פֿאַריאָסעמט און פֿאַרוואָגלט,
מיט יעהודאָ האַלייוויס יאַם-ליד זיך צעוויינט.

מיר זיינען די קינדער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
מיר זיינען דער בלוטיקער דאָר
געבוירן אין בלוט און אין ווייען.
די זויערע מילך פון טרוקענע מאַמעשע ניפּלען,
די געזאַלצענע טרערן פון פאַרגאַסענע טאַטעשע אויגן,
זיי פליסן מיט אומרו אין אונדז.
די צעבראָכענע דעמבענע מולטער
איז געווען אונדזער סקריפּנדיק וויגל,
דער שכיטע-געיאָמער און דאָס גסיסע-געוויין
זיינען צוקאָפּנס געווען אונדזער וויג-ליד.

דער טויט האָט אין היימישן שטעטלשן גאָרטן
פאַרזייט בערגלעך מיט פאַרשניטענע ברידער-קוואָרים.
זיינען אויפגעגאַנגען די פאָלינענע בליטן
מיט בלעטער — גרוי-גרינע ווי גאַל,
מיט קוויטן — צעאייטערטע ווי בראַנד.
אונדזער טרוים, אונדזער קינדערשן הימל
עס האָבן פאַרוואָלקנט די שטאָלענע רויב-פייגל
מיט זשומען פון קוילן, מיט רויך און מיט שוועבל.
איז די טרייפע געוואָרן אונדזער איינציקע זון,
און רינשטאָק-טראַנשייען — אונדזער איינציקע רו.

מיר האָבן אַף מיסטן געקליבן דערנערונג
און מיט פּלום פון די אויגן באַטאַמט אונדזער ביסן.
מיר האָבן פון די צויבער־פאַרפעסטעטע קוואַלן
געטרונקען דעם גיפטיקן טייווע־געטראַנק
און אין שלאָפלאָזע נעכט געוויינט ווי שאַקאַלן.
מיר האָבן דעם הונגער געשניטן מיט אייליקע ציין
און מיט שפּאָט אים דערטרונקען אין שוימיקע רייד.
מיר האָבן די ספערן געמאָסטן מיט פינצטערע אויגן,
איז די מידקייט געקומען — אַ שלאַבערדיק פליסן
און מיט טערפּקע דעלוזיעס פאַרשלעפערט געדאַנק.

דאָס שלאַכט־פעלד געווען איז אונדזער וואַרשטאַט,
דער רידל און די שווערד — דאָס געצייג,
דער טויט אונדזער מייסטער און מיר די געזעלן.
האָט דער רידל געפּאַלמעסט די ערד באַם שיין פון דער לעוואָנע,
האָט די שווערד געשניטן געביין אין פלאַם פון דער זון.
איז דאָס ליד אונדזערס — קלאַנג פון שאַרף איבער ביינער.
פון דינאַמיטענעם אויפריים אין שאַרבן,
פון טאָרפּידאָשן טויך אין כוואַליקן נידער,
פון פּראָפּעלערשן זשום אין פלאַמיקן פאַלן,
פון שראַפּנעלישן שפּליטער אין געוויין און אין צאָרן.

און דאָ באַ די ברעגן פֿון פּעלזיקן באָוול
מיר האָבן פֿאַרגעסן דעם אָרט ווי צו וויינען
און מיר האָבן קיין האַרפֿעס מיט זיך ניט געבראַכט
און קענען בלויז צאַר אויף טורעמס אויפֿהענגען.
און קיינער ניט קומט באַ אונז בעטן געזאַנגען
און קיינער ניט שטרעקט זיין פֿריינדלעכע האַנט.
בלויז דער אינזל באַם יאַם מיט גראַניט־פּאַליסאַדן
שיקט פֿייער־סיגנאַלן אין פֿאַררויכערטע ספֿערן
און אָטעמט מיט גאַנג פֿון דינאַמאָ־מאַשינען,
און שאָטנט מיט שטויב פֿון פֿאַרלאָשענע שטערן.

און זינגען די זיידעס אַרויס פֿון די ספֿאָרים
די עפּישע זיגן פֿון דעם שיינעם אַמאָל,
די לירישע קלאַנגען פֿון אור־אַלטן נעכטן,
ווען ליכטיקע זונען באַגילדט האָבן פֿעלדער
און לעוואָנעס באַזילבערט האָבן טייכן מיט רו.
זוויערט אויף אין אונדז דער וויניקער נעכטן,
און עס פֿלאַקערט נאָך מער אונדזער היינט.
גייען מיר שטאָלץ צו דערגרייכן דעם מאָרגן,
מיר, דער פֿאַרשאָלטענער, וואָגלענדער דאָר,
מיר, די קינדער פֿון בלוט און פֿון צאָרן.

אַ, פרייהייט-געטין, אַף טורעם אין ניו יאָרקער האַפן,
וואו ס׳גיסן האַדסאָן און איסט-ריווער זיך אַריין אין ברייטן אָקעאַן,
האַלט הויך דיין אויסגעשטרעקטע האַנט מיט אויפגעפלאַמטן פאַקל,
עפן אויף דיין בוך מיט אויצרעס וואונדערלעכן וויסן
און ווייז דעם וואַסער-וועג אונדז צו דער נייער וועלט.
דו ביזסט דאָך אויך אַ פליכטלינג און אַ פרעמדע,
אַ פאַרטריבענע פון פראַנקרייכ׳ס שיינע ברעגן,
אַרויסגעריסן פון די גרודעס אַרצן פון לאָרעין,
אויסגעשמאָלצן אין די קעסלען פון פאַריזער גיסערייען
און אויסגעפורעמט דורך די הענט פון פרייע קאָמונאַרן.

און געזאָלט האָסטו אַ שטאָלצע שטיין באַם אויסגום פון סועץ,
אַ פאַרבינדערין פון וועלטן, פון יאַם מיט יאַמען,
אַ פאַרברידערין פון פעלקער, פון שטאַם מיט שטאַמען,
פאַר שוואַרצע מאַטעריקן — אַ ליכט-זייל פון פראָגרעס.
נאָר פראַנקרייכס הערשער האָבן זיך פאַר דיר געשראָקן,
פאַר דער הייסער לאַווע אין דיין שטאָל-טשוהון,
פאַר דעם פייער אין דיין אויפגעהויכטער האַנט,
וואָס קאָן נאָך ווידער אויפלויכטן די אַלטע יאַם-סוף וועגן,
וואו מוישעס קינדער האָבן צו דעם פרייען לאַנד געצויגן
און פאַרעם כייל ליגט אין פינצטער-גרונט פאַרלוירן.

נאָר מ׳האָט דיך דאָ באַ די פּעלזן־פּאַרטן פון מאַנהעטן
מיט ערפורכט אָנגענומען אַלס אייראָפּעס טייער, ליב געשאַנק
און ניו יאָרקער קינדער אין אַלע שפּראַכן און דיאַלעקטן
געזונגען האָבן דיר אַ לידער־לויב און רום־געזאַנג,
און אייניקלעך פון דעם רעוואָלט באַ לעקסינגטאָן און באַנקער־היל,
די זין פון אויפשטאַנד באַ דער האַרפּערס פערי
און וועטעראַנען פון פרייהייט־זיג אַף געטיסבורגער פעלדער
באַהאַנגען האָבן דיך מיט אויפגעפּאַלדעוועטע פאָנען,
אַדורכגעשאָסענע און אָנגערויכערטע אין קאַמף
און איינגעטונקענע אין בלוט פון העלדן־טאַט.

איז נעם־זשע פרייהייט־גייסט, אונדז וואָגל־קינדער אויף
און צעפיר אונדז איבער די ניו יאָרקער גאַסן
און ווייז איעדערן זיין נייע היים און אָפּרו־פּלאַץ
און זאָג איעדערן אַ וואָרט פון האָפענונג און טרייסט.
אַ, זאָג, ווי היימיש איז מאַנהעטנס שטיינערדיקער באָדן,
און ווי פרוכטבאַר איז דער טאָל פון בלויען האַדסאָן —
פאַר קנאָספּן ווייסע פון פּאָדאָליער גרינע פעלדער,
פאַר פאַזשימקעס פון פוילנ׳ס צויבער־וואַלד,
פאַר בורשטינען־טרויבן פון בעסאַראַבער ערד
און פאַר ווערבעס צאַרטע פון דעם טריבן ליטע־לאַנד.

# בראָנזוויל

איך האָב אַ צוועלדיק יאָר געשטעמט בראַנדיק ליד פון קוזניע
אין בראָנזוויל־שטאָט, אין קרייז פון אָרעם־מאָלצייט ברויט.
און ס'האָט מיין פּעדז אין אייגן בלוט זיך אָנגעגליט
און זיך געשליפן איבער שאַרפשטיין פון דער נויט.

איך האָב צו איין־און־צוואַנציק יאָר אליין זיך רעקרוטירט
און אַוועקגעטראָגן פולווער־האַרץ אין לאַגער פון מיין קלאַס,
און ס'האָבן טרייע קריגער מיך מיט ליבע אויפגענומען,
און מיך געלערנט אויסשיילן דעם צאָרן פון דעם האַס.

אָ, מונטער־צאָרנדיקע, שטער־און־שאַפנדע דעקאַדע,
אין דיר געצייטיקט ווי אין פעלד האָט מיין בונטאַריש ליד,
אַ לויטערער בין איך אַרויס פון אונטער דיין קאָוואַדלע
און פריידיק העלט מיין היינט מיט מאָרגן־שיין באַגילדט.

**אָ, בראָנזוויל**, ליבע האָרעפּאַשנע מאַמע,
אייגן אונדזער בלוט איז דיין שוסטער־שניידער ייכעס.
דו האָסט אונדז אויסגעטראָגן איבער אַלע יאַמען,
און אַף דער נייער ערד געבראַכט אונדז אַף דער וועלט.
און מעגן „יענקים" אָפּשפּעטן פון אונדזער שטאַמען,
און אָפּלאַכן פון דיין געווירצטן יידיש,
ביזסטו נאָך אַלץ די איינציקע און טרייע מאַמע,
די האַרציקסטע און יידישסטע פון צווישן שטעט.

אָ, בראָנזוויל, אונדזער שטאָט, געליבטע,
אַף עוועניוס און קרומע גאַסן דיינע,
אַף גאַניקעס, אַף ראָגן און אַף טרעפּ,
מיר טרעפן זיך דאָ דיינע קינדער אָן:
דער כמורנער יונג פון דער שטילער ליטע,
די טרוימער פון פּאָדאָליע און אוקריינע,
די לוסטיקע פון בעסאַראַביער סטעפּ,
די סטאַטשניקעס פון לאָדזש און פון סמאַרגאָן.

עס האָט דער בייזער שכיטע אָרעם
אַרויסגעריסן אונדז פון דעם דאָרפיש גרינעם לאָך
און ווי מיט וואָרצלען ציטערדיקע סאָסנעס ווייסע
בא ראַנדן פון אַ וועלט־שטאָט איינגעפלאַנצט.
עס האָט די צייט פון שטרייט און שטורעם
אונדז מאַכנעסווייז געבראַכט אריבער אָקעאַן,
און באַ די האָרבע זומפּן פון קאַנאַרסי
דעם ווילדן דזשעז אין אונדזער בלוט צעטאַנצט.

ס׳האָט מאַנהעטן מיט אַ דריל אַ וועג צו אונדז דערשניטן
און זיך צעיאָגט אַף דעם שטאָל־געפלאָסטן גאַנג.
מעטאַל האָט זיך צעשריגן העכער דעכער
אַף נויטן־שלאַק פון אונדזער בראָנזוויל שטאָט.
און דורך שפּיל פון לינאָטיפּ מיט מעשענע מאַטריצן,
דורך דרוק־מאַשין מיט וואַלצנדיק געקלאַנג
דערהערט מיר האָבן פרייהייט רוף מיט נייע ווערטער:
„אין רייען קעמפערישע איז דער יוגנט׳ס אָרט!“

# זעכצן

זיינע זעכצן שטעטלדיקע הונגער־יאָרן האָט ער געבראַכט צעטראָגן
אַ קלומיקל אַן איינגעקניפּטס אין צאַפּלדיקער יינגל־ברוסט,
און מיט שלאַבער־טריט אין היימישע צוויי כראָמאָווע שטיוולעטן,
וואָס שלאָגן אַן מיט שטיפּטן פּאַלגישע אַף גווירעשע אַספּאַלטן,
דערשראָקן האָט ער אייגן בלוט און מיט אויפגעשווימטע בירע אויגן
דערזען דעם בלעזלענדיקן שוים פון מענטשן און מאַשינען;
דעם מעטאַלענעם געקלאַנג פון רעדער שטאָלענע אַף בריקן־שפּאַלן;
דעם פייערדיקן טאַנץ פון ווערטער־סעגלען איבער דעכער־כאַלעל;
דעם גוואַלד־געשריי פון טינטן־שטאָבן איבער פלאַטער־בויגנס;
דעם ליפּן־שמיר און פלעפּערדיקן היפּטן־ציטער פון דעם דזשעז.

# אָוונט־שול

פיר יאָטן זיך טרעפן אַף אָוונט־שול באַנק.
עס פאַרקניפּט זיי דער פונק פון אַ העלן געדאַנק.

די נעכט זיינען שיינע, דער כאָלעם איז יונג,
און איינער פון זיי האָט אַ גאָלדענע צונג.

צעקלינגט זיך דער קלאַס מיט האַפערדיק וואָרט,
און כאַווריש ווערט דאָס פלאַפלדיק אָרט.

גייט מען פון שול איבער פיטקינער גאַס
און מען האַמפּערט אַזוי ווענן ליבע און האַס.

ביז שטיין מען בלייבט באַ אַן אָפענער טיר,
וואו עס פינקלט דער נומער: „אַכצן־פערציק־פיר״.

# דאַנכין

דער כווישעך דרויסן גיסט מיט צעבערדיקן כליך,
דער כעשוועגדיקער ווינט טרייבט מענטשן פון דער גאַס
און שלאָגט מיט רישעס אין איעדן בוידעם-שטיבל אָן,
און וואַרפט אַ בלודנעם גייער באַ אַן אויפגעפּראַלטער טיר.
דאָס זוכט ער דאָרט מיט די מאַטע אויגן אַרויף די טרעפּ אַהין
צו קומט ניט ווער אַנטקעגן און לויפט אוך זאָגט דאָרט אַז
אַז אָט קומט ער שפּעט, אי מיד, אי הונגעריק, אי נאַס,
און קען ניט זען דעם נומער „אַכצן-פערציק-פיר".

אין „אַכצן-פערציק-פיר" איז טומלדיק און העל,
און טרעפּ פאַרגאַסענע זיי פירן צו אַ פרייד,
וואו דורך סטענגעס רויט און וואָלקנס רויך
פיל ליבע נעמען לויפן אום פון מויל צו מויל:
יאָסל, שימקע, כאַים, סאַל, איטקע, בעל,
בושקע, גערשן, מיני, פייגע און כאַנויך.
און מיטאַמאָל: — „דאַנכין איז שוין דאָ, ער גייט!"
און כאַליאַסטרעדיק עס ווערט דער צאַפּלדיקער קנויל.

און אָט שטייט ער שוין אַ ליכטיקער מיט פלאַטער הענט
און רעדט מיט זינגעוודיקן מאַמע-לאָשן פון וואָלין,
און דערציילט פון טעג הערגאַישע און בראַווע יאָרן יענע
ווען מעדינעס צאַרישע געפאַלן זיינען איינגעקראַכטע,
און מאַסן הונגעריקע האָבן צאָרנדיק געברענט
און פון אַ בראָנעוויק געשטראַלט האָט לענין
און אָנגעוויזן אָפן מאָרגן און פאַרטייטשט דעם זין
פון פרידן, ברויט און גרענעצן פון רויט-אַרמיי באַוואַכטע.

## דערציילט מיר

דערציילט מיר פון אייגענעם לעבן,
וואָס האָט אייך געבראַכט דאָ אַהער,
ווער האָט אייך דערנערונג געגעבן,
און צי איז אייך די נויט געווען שווער.

דערציילט מיר פון טאַטן און מאַמען
און צי האָט איר כאַווײרים געהאַט,
פון וואַנען אייער ייכעס טוט שטאַמען
און ווי שיין איז אייער דאָרף אָדער שטאָט.

## י אָ ס ל

כ'קום פון לאָדזש, פון זיידן־וועבער,
כ'קום פון אַמכאָדיקער הויז,
כ'בין פון שטענדיק אָן אַ געבער,
איז מיין רייכטום — אָט ווי גרויס:

כ'האָב צוויי הענט וואָס ווילן טוען;
כ'האָב אַ האַרץ וואָס וויל געניס;
כ'האָב אַ מוט וואָס וויל ניט רוען;
כ'האָב אַ צונג וואָס פרעגט פאַרוואָס.

יאָג איך אום די וועב־מאַשינען
און כ'פאַרטאַכלעווע מיין קראַפט,
נאָר פון אָוונט ביז באַגינען
בין איך טעטיק וואו מען דאַרף.

## פייגל

אַף די וואַרשעווער נאַליעווקעס,
נאָוואָליפּקע, שענטאָקשיסקע,
טראָגן פּאַנעם מיינע קליידער,
געניי פון פייגל דער מאָדיסטקע.

און אָט דאָ אין גאָלד־מעדינע
טו איך לעכעלעך בלויז שלייפן
און די זאָרג אַרום די אויגן
בלויט אין שלייפערדיקע רייפן.

כ׳בענק נאָך אויסגעצירטער וואַרשע,
כ׳בענק נאָך אירע צאַרטע לידער
און אָט דאָ אין „פּערציק־פיר״
בין איך איינע צווישן ברידער.

## גערשן

מיינע הענט און פיס ווי צווייגן
פון דעם גרינעם בערשעד־וואַלד
וואו מיין טאַטע — שלאַנקער שאַפער
האָט באַוואַכט דעם פּאָרעצ׳ס גאָלד.

מיינע אויגן ווי די לייכטער,
מיינע ליפּן ווי דאָס שטיל געבעט
פון מיין מאַמעס טרערן־טכינע
אין דער אָוונטדיקער שפּעט.

מיין געלעכטער ווי די ברעגן
פון אַן אויפגעפּליושקעט טייכל,
וואו אַ וואַלד־קינד לויפט אַרום
מיט זילבער־שטראָמען אַפן בייכל.

## בושקע

כ׳בין ווי אַ קאָרן-בלימל
ווייט פון גאָלדענעם פּאַפּשוי,
און אָפּגעריסן בסאָמים-פלעשל,
דין און ציטערדיק און בלוי.

מיינע ברידער — מעד צעשפּילטער,
וויינען פון אַרום דעם דניעסטער
האָבן מיך אַהער געבראַכט —
אַ צאַרטע און בענקעוודיקע שוועסטער.

בין איך ווי אַ קניפּל הימל
וואָס פאַרבלייכט און בלויט
צווישן גראָזן און פאַלינען,
צווישן צאַרנדיקן רויט.

## הײמאַן

איך בין אַ קאַלווערער
אָבער ניט קיין „דייטש",
איך פאַרשטיי אַ קאַלוועכוימער
און פון פינטעלעך דעם טייטש.

כ׳האָב אין היימישער יעשיווע
זיך פאַרשאַרפט אַ ביסל
און פון טאַטן זיך געלערנט
ציקלען שורע-גריסל.

כ׳האָב פון מאַגיד און בונדיסט
אַנטליען הויכן געמבע-שאַל,
רופט מען מיך אַף פּיטקין-גאַס —
דער יונגער בראָנזווילער לאַסאַל.

## פּ ו ל י ע

ווילט איר, בין איך שטיל און פּליסיק
ווי דאָס טײַכל איבער סטעפּ אוקראַיִנער,
און דעם בעטלער׳ס קלינג־באַנדורע
וויינט אַרוים פון שטימע מיינער.

ווילט איר, ווער איך בייז און ראַשיק
ווי די דניעפּערשע פּאָראָגן,
און באַטראַקעס אַף די פערד
טוען אין מיין בלוט זיך יאָגן.

ווילט איר, ווער איך לייכט און שפּאַסיק
ווי אַ קאַבצעניוק אין שפּיצן,
און אין אַלע ווייסטע סאָנים
כ׳שלאָג „אַלייכעמדיקע״ וויצן.

## ב ע ל

איך בין אַ נייע צווישן קעמפער
און כ׳האָב ליב מיין בעני־באָי,
גיי איך מיט אים סטרייקן שעפער
און דאָס האַרץ מיינס קוועלט אַזוי.

און ווען מען ברענגט אונדז אין געריכט,
ווערט דער ריכטער גרין און געל,
עס צינדט זיך אָן זיין בלאַסער פּליך
און ער טוט אַזאַ באַפעל:

„גיט זיי נײַנציק לאַנגע טעג,
עס וועט זיי אויסמענטשלען אַוואַדע!“
גייט די כעוורע שטאָלץ אַוועק,
פייפט אַף גאַנצער כאַדגאַדיע.

# סאַל

איך געדענק דעם ערשטן פרילינג,
איך געדענק מיין ערשטן מאַי.
ס'איז די שוסטער־גאַס אין בלומען
און מיר כיידער־ייִנגלעך — פריי!

יאָגן מיר אַראָפּ צום מאַרק־פּלאַץ,
גיסן זיך אַריין אין ערשטן מאַי,
און ווי אויפגעפלאַמטע פאָנען
פלאַטערן מיר — קינדער דריי.

באָרוויסע אַף די ברוקירטע גאַסן,
אָפּגעריסענע אין ערשטן מאַי,
קוועלן מיר ווי אַלע זונען,
מיר, באַרמיצווע־ייִנגלעך דריי.

— העי, אַרויסט פון דאַנען, שקאַצים,
וואָס טוט איר דאָ אין ערשטן מאַי?
— שוסטער־שניידער־קינדער זיינען מיר
און ס'איז אונדזער ערשטער מאַי!



## ערשט נעכטן

ערשט נעכטן האָט די מאַמע מיך פון הויז געטריבן:
— ניט סאָם די קינדער מיט דיין טרייפער צונג!
און היינט האָב איך מיט שטאָלץ און פרייד פאַרשריבן
צוויי יונגע ברידער אין דעם לענינשן קאָמיונג.

ערשט לעצטן יאָר אין טאָג פון ערשטן מאַי,
געגאַנגען בין איך איינער פון אַ הויז-געזינד,
און היינט מאַרשירן מיר אינדרייען אין אַ ריי —
דער עלטסטער, מיטלסטער און מאַמעס-קינד.

ערשט נעכטן האָט דער טאַטע מיך געיאָגט אַרונטער:
— ניט ווייז איך הויז באַ מיר דיין פרעמדן פּאָנים!
און היינט קוקט ער מיט שרעק און מיט באַוואונדער
אַף אַלע דריי צעבונטעוועטע באָנים.

## פּ ר י ל י נ ג

די זון האָט היינט צעשמייכלט מיינע שויבן
און צעבלימלט לאַטעסדיקע קאָלדרע פון מיין בעט.
אַ ווינטל-צוג באַפאַלן איז מיין בלאָנדן שויבער
און צעפּלאַפּלט בלעטלעך פון מיין לידער-העפט.

די קנאָספּעדיקע צווייגן קלאַפּן אָן אין פענצטער
און מיידלשער געזאַנג קלינגט צאַרט און ווייליג,
האָב איך אויסגעשניפּסט מיין העמד דאָס שענסטע
און אַרוים אַף גאַס באַגעגענען דעם פּרילינג.

די גאַסן בראַנזווילער, פאַרהאָרעוועט, פאַרשמייעט,
ניט זיינען פּרילינגדיק געצירט ווי מיין געמיט.
מיט פליש און גרינסן איינגעווירצט און איינגעזייערט,
זיי רייצן הונגער בלויז, נאָר זעטיקן אים ניט.

## בראָנזווילער זינגער

אין דרויסן אַ פּראַכט, אין דרויסן איז פרילינג,
און מאַיאיקע זון באַגילדט אַלע דעכער.
אינצווייען אַרום זיינען בראָנזווילער זינגער
באַגעגענען פרייד פון בראָנזווילער טעכטער.

פון ערגעץ אַ האָרן מאַיאָפּעסט אַ ניגן,
אַ ריקודל קומט דורך גלאָז פון וויטרינע,
אַ פאַרדווייקעטער קנויל — אַ מעגגע מיט יידן —
פאַרגייט מיטן פלום פון טענערלעך דינע.

טוט גערשן אַ קלאַפּ מיט צעשקראַבעטע גייערס,
פאַרוואָרפט איבער סאַלן די בלאַסע יאַדייעס,
די קודלעס צעפלאָסן ווי ווינטיקע פייעס
און ליפן צעסווישטשען אַ זומער־לעכייעס.

געפעלט עס די יידן דער שקאָצישער שפּאַס,
און שיסן אויס אַלע אַ האַרציק געלעכטער.
און ס׳גייט שוין אַ פרייעלעכס גאַנץ פּיטקינער גאַס,
און עס קוועלן פון פרייד די בראָנזווילער טעכטער.

## זע, נאָר, זע...

בא ראָזינען איז היינט אַ לאַטקע-פּאַרטי
און סאָל און גערשן זיינען אויסגעפּוצט,
די שיך זיי גלאַנצן מיט אַ פרישן שמייכל
און די שניפּסן שרייען — צונטער-בלוט.

— זע נאָר סאָל, די שוואַרצע אויגן,
ביזסט אַ מייוון אַף דעם אוילעך?
איך בין גרייט צו גיין אין פייער,
אויב דו שטערסט מיר, קוילעך!

— זע נאָר גערשן ווי זי שמייכלט,
האָסט געהערט אַזאַ געלעכטער?
כ'וויים שוין אַז מען רופט זי איטקע
פון אַ הויז פון זיבן טעכטער.

מען זאָגט זי איז אַ מויד אַ ברען,
קלעפּט אוים רויט די בראָנזוויל-געגנט.
עס זאָגט דאָס האַרץ מיר, ברודער,
כ'האָב מיין ליבע היינט באַגעגנט.

## קום, איטקע

קום, איטקע, שפּאַצירן צום פּאַרקוועי,
וואו עס בערגלען דאָרט טעפּיכער גרינע,
וואו דער אָוונט אין צאַרטן פּאַרגיי
דרימלט איין צווישן צווייגעלעך דינע.

ס'איז גוט אַזוי שוועבן אין הימל
און ווינקען פּאַרשייט צו די שטערן,
ס'איז גוט אַזוי אָטעמען בלימל,
באַפליגלען דאָס האַרץ און ניט-ווערן.

## ביל פּאָסטער

עס האָבן קעמפּער זיך פֿאַרזאַמלט יובלען גרויסן זיג
מיט אַ יאָנטעוו-מאָלצייט אין אַ פּראָסטן אינדערוואָכן.
וועטעראַנען-זיגער האָבן זיך צערעדט,
און בלוטן בראַווע האָבן זיך צעשפּילט
מיט יעדן נייעם פּלוס פֿון קריגל ביר,
און פֿרייד האָט אויסגעשפּינט אַ נייעם רום
פֿאַר אַלטע אויסגעדינטע שלאַכטן.

געזעסן זיינען דאָרט רעקרוטן גרינע
מיט ערשטן פּוך אַף נִיט-געגאָלטע קינען,
געקומענע פֿון בראָנזוויל-שטאָט
פֿרייוויליג דעם פֿאָלק צו דינען.
און אין דעם קריגער-קרייז געגאַפֿט
פֿון העלדן-מוט און קלאַנג פֿון שלאַכט

און אַז דער צויבער-שוים איז אַריבער אַלע ברעגן,
אויפֿגעשטאַנען איז ביל פּאָסטער, שלאַנק און ברוין,
און זיין פּעסטע האַנט צום רעדן אויפֿגעהויבן.
איז מיטאַמאָל דער טומל שושקעדיק געוואָרן
און דער געלעכטער האָט זיך אָפּגעעקט.
אויגן האָבן זיך אַ שיפּגעטאָן צום רעדנער
און פֿאַרכטיק שטיל געוואָרן איז אין זאַל.

און גערעדט האָט ער פֿון ניכטערקייט און זאָרג,
פֿון באַגין וואָס באַזוימט שוין שויבן,
פֿון טאָג וואָס ברענגט די נויט צעטראָגן
און לאָזט זי וואַקסן בּאַ דעם קאַבצנ׳ס שוועל,
פֿון הונגער-טויט וואָס צערט אוים קינדער
און פֿון סאָנים וואָס פֿאַרשטעלן פֿרייע וועגן.



אונ געקוקט האָט ער אַף די יונגע וואַלונטירן,
ווי ס׳צונטערט אום דער פרילינג אין זייער בלוט,
ווי שוידער וואָרט שלאָגט אָן אין ווייכע הערצער
אונ צאָרן צינדט זיך אָן אין פייכטן אויג.
אונ גערעדט האָט ער פון מאָרגן און פון זון,
און ס׳האָט זיין פּאָנעם זיך צעשיינט מיט ליבע
ווען ער האָט באַם נאָמען זיי גערופן צו דער פאָן.

און ווען ער האָט די הענט געהייסן הויבן
און טרייהייט - שוואוע אַף די ליפּן ברענגען,
און אָנשטאָלן די ברוסט פאַר ערשטער שלאַכט,
געפלאַטערט האָבן הענט און יוגנט - הערצער
און אָטעם איז אין האַלדז געבליבן הענגען
פאַר ערפורכט און פאַר פרייד.

# „אַלמאַ מאַטער"

צו דיין וואַרשטאַט פון וואָרט און זילבן,
צום פען־געוועט פון שרייב־געזעלן,
געקומען בין איך ווי אַ פרישלינג־שילער
און פלאַטערדיק אַריבער צויבער־שוועלן.

צו דיינע נייעס־געדעקטע לאַנגע טישן
אין ציטער בין איך דורשטיק צוגעפאַלן
און כ׳האָב געשעפּט מיט פולע זשמעניעס
די לעבעדיקע פרייד פון דיינע קוואַלן.

אַ שטראַליקער כ׳פלעג קומען אין באַגינען
און ערשטער פינגערן די בלעטערדיקע גרוסן.
פון גאָרער וועלט אַף אַלערליי פּאַפּירן
פלעגט טינט אַף בלאַנקען זיך צעשמועסן.

אַ צונטערער כ׳פלעג שפּעט אין די באַנאַכטן
שטיין לעצטע וואַך אַרום די „טיק"־מאַשינען
און פּאַסמעס ווערטער — פרייד און ליידן —
אין וואונדער - מייסעלעך צעשפּינען.

אין מעש־געקלאַנג כ׳פלעג נאַכטאַנצן די זעצער
וואָס שפּילן לעצטע שורעס אַף קלאַווירן,
און נאָכיאָגן דעם הייסן בליי ביז דרוק־מאַשינען
און ערשטער זיך מיט דיר באַצירן.

און ווען אין ווייטן פרעכטיקן דעטראָיט
איך פלעג דיך אָפּוואַרטן אויף באַנען,
מיין האַרץ פלעגט בענקען נאָך דיין וואָרט,
ווי ס׳גאַרט אַ קינד נאָך ליבער מאַמען.

# עלי שערשעווער

(אין אָנדענק פון דעם געפאלענעם
בראָנזווילער העלד — אַל אַלעקסאַנדער)

זינג, זינגער, אונדז דאָס ליד פון מוט
מיט רייד וואָס קלאָרן און באַזינען,
פון פלייצעס אויסגעשטאָלט אין גלוט,
פון הענט וואָס רודערן מאַשינען.

צעגלי אין אונדז דעם פונק פון מענטש
צעבלאָז אין בלוטן צאָרן־פייער,
צעפלאַטער הערצער שפּראַך און הענט,
צעפלאַקער אויגן — העלער, פרייער.

צעוויקל פלאַמיק אונדזער פאָן
און רוף צעשאַל אין אַלע וויטן —
דאָס לעבן אונדזערס מאָנט
פאַרלוירן גליק פון אַלע צייטן.

שלאָפֿט, קינדערלעך מיינע, שלאָפֿט איין,
און טרוימט אוים אַ כּאָלעם דער מאַמען,
ווי מיר פֿאָרן אַריבער בעשאָלעם דעם יאַם
און קומען צום טאַטן צוזאַמען.

אָ, איך בענק נאָך אים, קינדערלעך מיינע
און לער אָן אים איז מיר אין האַרצן,
ווען כ׳דערמאָן זיך פֿאַרפֿלויגענע פֿרייד,
אָן מיין ליבן „הערשל דעם שוואַרצן“.

ער שטעפּט דאָרט קאַמאַשן אַצינדער
אין גרויסער פֿאַבריק פֿון ניו יאָרק;
און זינגט ווענן ווייב מיט די קינדער
און די אויגן פֿאַרגאָסן מיט זאָרג.

שלאָפֿט, קינדערלעך מיינע, שלאָפֿט איין,
שלאָף עלינקע, שלאָף איין איסראָל.
כ׳וועל אייך זינגען אַ ליד ווענן טאַטן,
אַ מייסע וואָס געווען איז אַמאָל.

## שערשעוו

שטיל און פֿאַרשלאָפֿן איז שערשעוו,
אַ שטעטל מיט שינדל און שטרוי,
נאָר עס שמייכלען די גרויענקע דעכער
ווען עס גאָלדיקט די זון איבער בלוי.

פֿאַרלאַטעט און בלינד זיינען שויבן
דורך טעג, דורך נעכט אָן אַ צאָל,
נאָר אַז יאַנטעוו קומט פֿאַרכטיק געהויבן,
צעפֿינקלען זיך ליכטלעך-קרישטאָל.

פֿאַרוויינט די געזיכטער פֿון מאַמעס,
פֿאַרכווישעכט די טאַטעשע וויעס,
נאָר אַז מאָלצייט איז זעטיק מיט טאַמען,
צעזמירעסן אויגן — יעשיעס.

פֿאַראומערט, פֿאַרבענקט איז די יוגנט,
פֿאַרצאַרנט, פֿאַרביילט איז געזעל,
נאָר אַז מאַי וועקט פֿון וואַכיקער טוגנט
צעפֿלאַטערן הערצער זיך העל.

## הערשעלע דער שוואַרצער

אויף דער שוסטער־געסל
האָט געוואוינט דער כּאָסן מיינער,
הערשל דער קאַמאַשן־שטעפּער,
כּיינעוודיק ווי אַ צעגיינער.

און דערציילן פּלעגט ער מייסעס
וועגן טעג וואָס וועלן קומען,
און די פרייד פּלעגט טריפן —
האָניק קלאָרער אָפּן גומען.

און געהאַט האָט ער אַ כעוורע,
שוסטער־יונגען פון דעם „בונד",
פּלעגט מען קריגן באַ די „סכאָדקעס" —
ווער די טורמע, ווער אַ וואונד.

נאָר פון אַלע קעמפער־יונגען,
האָפּערדיק און שטאַרקסטער
— איז געווען מיין כּאָסן־ליבלינג
„הערשעלע דער שוואַרצער".

# באַלאַדע

כ'וועל דיר זינגען אַ ליד
וועגן אַ מיל אין טשערעט.
עס וואוינט דאָרט אַ איד
מיט צוויי טעכטער באַם ברעג.

די אינגסטע האָט אויגן
וואָס פינקלען באַנאַכט,
די עלטסטע איז שטענדיק
פאַרוויינט און פאַרטראַכט.

באַ דעם זילבערנעם טייך
שלייכט אַ נאַכטיק געשטאַלט.
אַ באָכער זיך גאַנוועט
צו דער מיל דורך וואַלד.

די אינגסטע זי לויפט
און פאַלט צו זיין ברוסט,
די עלטסטע דורך פענצטער
שלינגט טרערנדלעך גלוסט.

באַ דער מיל איז אַ פרייד,
ס'מאַכט אַ קויסע דער איד.
און פידל און פלייט
שפּילן כאַסענע-ליד.

די אינגסטע מען פירט
מיט קלעזמאָרים אַהיים,
די עלטסטע באַם טייך
וואָגלט אום דאָרט אַליין.

## שיינע - איידל

נאָך לאַנגן טאָג בא דער מאַשין,
איך טרעף זי אַף שפּאַציר,
און יעדער שיין פון אירע אויגן
גייט אויף ווי זון אין מיר.

און מיט שמייכל-ליפּן פולע
זי שלעפּערט אומרו מיינעם איין,
און דער ניגן פון די אָוונט-לידער
דרינגט אין האַרצן מיר אַריין.

מיינע מאָרגנדיקע העלע טרוימען
ווערן וועלטן אויף דער וואָר,
ווען די צאַרטע פינגער אירע
צערטלען מיינע גרינגע האָר.

## ראָמאַנס

קום, עס רופט די נאַכט אונדז ליבסטע,
גאָלדפלום איבער הימל מאַניעט,
זילבער איבער טייכל ציט.
נאָך דיין שטימע בענקען טאָלן,
נאָך דיין קערפּער לעכצן שטראָמען,
נאָך דיין אָטעם גאָרט דער צוויט.

קום, איך ברענג דיר פרייד געליבטע,
זיסקייט אין די בלומען וויניקט,
אומרו שפּילט אין מיין געמיט.
לאָמיר מיט דעם טייך אַנטרינען
וואו די שטילע ווערבעס דרימלען
אין דעם בלויען שטערן ליכט.

## אוי, אַ כאַסענע . . .

אוי איז דאָס אַ כאַסענע געווען,
שוסטער־שניידער — מעכוטאָנים.
אויסגעפּוצט איז שיינע קאַלע
און באַם כאָסן שטראַלט דאָס פּאָנים.

און די היימישע קלעזמאָרים
פידל־פלייטעווען אַ פריילעך,
און די טאַטעס און די מאַמעס
ביינדלען אוים אַ סימכע־אוילעך.

און אַ בונדאָוועץ אַ יונגער
פאַרגלאָצט די אויגן מייסע באַדכען
און באַזעצט די כאָסן־קאַלע
און מאַכט יאָנטעוו — אינדערוואָכן.

## אַ טאַטנ׳ס געשאַנק

איך שענק דיר, הירשקע, אַ געשאַנק,
אַ מאַטאָנע נאָך פון זיידן,
און האַלט אים הייליק אין געדאַנק.
זיך קיינמאָל מיט אים שיידן.

געשמאָלצן אין נעגישע־פייער;
געשטאָליקט אין אַ שטילער טרער;
געשליפן איבער שאַרף פון טרויער;
אָנגעצונדן אין אַ פונק באַגער —

געטראָגן האָט מען אים פון אייביק,
אַ סגולע קעגן פיין און נויט:
„זאָלסט אין אַכדעם בלויז זיין גלויביק,
און אַז שוויים באַזאָלצט דאָס ברויט“.

## אַ שטיבעלע אַ קליינס

אין אַ שטיבעלע אַ קליינס
באַ דעם קליינעם וועלדל,
וואוינט דאָרט הירשקע שטעפּער
מיט זיין ווייבל שיינע־איידל.

און מיט יינגעלעך צוויי קליינע
האָט דאָס לעבן זיי באַגליקט,
און זי צירעוועט און צוואָגט,
און זי ניצעוועט און שטריקט.

און ער קומט אין שפּעטע שאָען,
ברענגט כאַוויירים פולן קרייז,
און מען זיצט אַרום די בלעטלעך
און מען כקירעט מיט באַווייז.

און פּארציט ווער בונדיש לידל:
„ברידער, מיר האָבן געשלאָסן"...
פאַרגייען די הערצער אין טרוימען,
ביז דער לאָמפּ ווערט געלאָשן.

# מאַיאָווקע

דאָס וועלדל איז אין גרין געהילט,
דאָס טייכל ווי געזילבערט ציט,
און פייגל מיט דער זון באַגילדט
צעסווישטשערן אַ פרילינג ליד.

דער שפיגל־גאַנג ווערט קוים באַרירט
פון שיפלעך ווי די שאָטנס שטיל.
אין רויטן און אין בעז באַצירט
די פּאָרלעך פירן דורך אַ שפּיל.

און איינער לייענט פון בלעטל אויס
אַ יאָנטעוו־אָנזאָג און אַ רוף,
און פון ערגעץ פולווערט אויס
אַ פייער־וואָרנונג און אַ שטראָף.

און שאַבלעס בליצן איבער טייך,
און קוילעס טראָגן זיך אַרום,
ביז זילבער־שטראָם ווערט בלייך
און גראָז־ברעגן ווערן שטום.

# ער האָט געוועדט זיך קעגן סוינע

ער האָט געוועדט זיך קעגן סוינע
און נישט אַרויסגעלאָזט די פאָן.
און ס'האָט די שווערד זיין בלוט פאַרגאָסן
אין מיטן קריגערישן קאָן.

און פיר כאַווײרים ווי די לייבן
דערשלאָגן האָבן זיך צו אים אַ וועג,
און אויפגעהויבן יונגן קאָרבן
און אַוועקגעטראָגן פון דעם ברעג.

און מיט טרערן כאַווערישע, קלאָרע,
האָט מען אָפּגעוואַשן זיין געזיכט,
און מיט שוואוע־ליד אַף ציטער־ליפּן
האָט מען טרויער־שיידונג אָפּגעריכט.

ער האָט געוועדט זיך קעגן סוינע,
און נישט אַרויסגעלאָזט די פאָן,
ווייל העלדן־בלוט אַף העלע פעלדן
צעפלאַטערט מוט פון אייביק אָן.

## אין דער ווייטער וועלט

קיין לאָמזשע אוועק איז הירשקע
זוכן וואָס צו שטעפּן,
ווייל אין שערשעוו האָט ער מוירע
שפּיקעס אָנצוטרעפן.

נאָר מען האָט אים דאָרט פאַרמאַסערט,
מיט עטאַפּ געשיקט אַהיים,
האָבן כעוורע אָפּגעשלאָגן,
קיין אַמעריקע געשוואַרצט, געהיים.

און אין שטיבל זיצט דאָרט איידל,
שלעפערט איין די קינדער,
און מיט פערלדיקע טרערן
וואַשט זיי יעדערן באַזונדער:

— שלאָפט קינדערלעך, שלאָפט איין,
טרוימט אַ כאַלעם אוים דער מאַמען,
קומען זאָלן מיר צום טאַטן,
גליקלעך זיין מיט אים צוזאַמען.

## טראָג מיך שיף

טראָג מיך שיף דעם יאַם אַריבער,
שנייד אַדורך וואַסער־וועגן,
ס'ווערט דאָס ווייטע לאַנד מיר ליבער
און דער פרעמדער ברעג מיר אייגן.

פלאַטער ווינט מיין אומרו־שויבער,
טרייב די וואָלקנס אין די רוימען,
עפשער איז דער ווייטער צויבער
גאָלדן לאַנד פון מיינע טרוימען.

און אין קאָן פון ברידער נייע
עפשער וועל איך גליק געפינען,
און די כאַווערשאַפט די פרייע
וועט מיין וויסן־דורשט באַזינען.

## אַמעריקע

צו דיינע ברעגן, גאָלדן לאַנד,
קום איך, אַ פליכטלינג־וואַנדערער איצט אַן
מיט שקוואַלנדיקע כוואַליעס פון דעם אָקעאַן.
און כ'ברענג דיר מיינע יונגע שטעפער־יאָרן,
פאַרפינצטערטע אין דאַלעס און אין נויט,
פאַרפייניגטע אין שכיטעס און אין פלאַם.

מיקאַדמוינים אַז עס וואַנדערט אום
פון לאַנד צו לאַנד און יאַם צו יאַם
מיין נאָווענאַדער פראַצע־שטאַם,
און שטענדיק אויף דער נייער ערד
קומט אויף אַן אייפערדיקער שטאַנד,
וואָס ברעכט אַקשאָנעסדיק אַ יעדן צאַם.

# מאַנהעטן

געקומען איז הירשקע צום פּאָרט פון מאַנהעטן
אַן אַנטרונענער שטראָם אין דער פרעמד,
און אַוועקגעיאָגט פּיס אין שטונדיקן שטעפּן,
און אַנטקעגן געטראָגן די פרוכט פון די הענט.

און אין אָוונט געוואַנדערט אויף איסט-סיידער ראָגן,
פאַרנעמען דעם קלאַנג פון די היימישע רייד,
זיך אָפּגעשטעלט הערן טריבונען וואָס זאָגן,
און געאָטעמט מיט גאַס, מיט אַמכאָשער פרייד.

און אין שאַפּ זיך געלערנט באַוואַכן דעם ביסן,
אַז אַכדעם קען ברעכן די שטאָליקסטע וואַנט,
אַז וואויל איז אַט-דעם וואָס זאַמלט אַן וויסן
און כאַווערישׁ טיילט אים מיט אָפענער האַנט.

און געלאַכט האָבן פיל פון דעם שערשעווער שטעפּער
וואָס קאָלט זיך אין זאָרג פון אַרבעטער-מענטש,
נאָר ער האָט געשמייכלט ווי אַ גוטינקער טרעפּער,
וואָס מוסערט, און וואָרנט, און בענטשט.

## אַ בריוועלע דעם טאַטן

מיר שיקן טאַטע דיר אַ בריוול,
זיי וויסן, אַז מיר פאַרן אַפּ.
די מאַמע גיסט שוין ניט קיין טרערן,
די זאָרג איז איר פון קאָפּ אַראָפּ.

דאָס גאַנצע שטעטל בּאַ די טירן;
אַ גאַנצן טאָג אַז נאָר מען גייט;
און אַלע זיינען אונדז מעקאַנע;
זיי טיילן זיך מיט אונדזער פרייד.

מען זאָגט דו ביזסט אַ פייער,
אַז די אַרבעט דיינע ברענט,
אַז אין קאָלאָמבוסעס מעדינע
שאַרסטו גאָלד דאָרט מיט די הענט.

## פרייד

צוים ניט, שטעפער, שטאָל און פאָדעם,
לאָז זיי לויפן איבער פעלן.
שטעך אויף טופּליעס אויסגעפורעמט
וועלן ווי די שמייכלען קוועלן.

ס׳קומען מאָרגן דיינע בײדע באָנים
און דיין יונגע ווייב די שיינע.
גאָל אָפּ באַקן, שווענק אָפּ פּאָנים,
שניפּס-אוים העמד דאָס ריינע.

האָסט געלאָזט צוויי פּיצלעך קינדער,
קוים אַנטוויינטע שטומעלעלים,
און באַוואונדער זיי אַצינדער —
סרולקע — עלף און ניין איז עלי.

דער עלטסטער ברענגט די ליטער טרוימען
אָנגעכאַלעמט אין די אויגן;
דער יינגסטער קען זיין מוט ניט צוימען
און ציט זיך ווי אַ פייל פון בויגן.

## בראָנזוויל

געבראַכט האָט זיי הירשקע קיין בראָנזוויל
אין קלייניננקע צימערלעך דריי.
די ווענט אויסגעמאָלן מיט בילדער,
דאָס מעבל און בעטגעוואַנט ניי.

און אײדל האָט הויז אויסגעשייערט,
געראַמט און געפוצט איבער שויבן,
און הירשקע האָט באָנים גענומען
זיי ווייזן דעם בראָנזווילער הויבן.

און פיטקינער גאַס מיט וויטרינעס
כיינדלט מיט טאָרט, שפּילעריי,
און לאָנקעס קאָנאַרסיער מיט גרינען
צעיאָגט האָבן בלוט אױף דער פריי.

און אין אָוונט אָוועק איז געזינדל
אין קינאָ מיט צויבערקלאַנג פילם,
האָט די פרייד אָנגעגאָסן די אויגן
און הערצער פאַרכלינעט מיט שפּיל.

# ברידער

עס האָבןביידע ברידער זיך דעם דרויסן אָפּגעגעבן,
געקלאַפּט די פּילקע איבער אַלע פּוסטע הויפן,
זיך אויסגעלערנט כאַפּן דעם פליענדיקן באַל,
צעוואַלגערן איעדנאַיינעם און אַנטלויפן.

און אין אָוונט פלעגט זיך איזי זעצן באַם פּאַפּיר
און מיט שאָטנדיקער פאַרב געזיכטעלעך צעהעלן,
און צעדערביימער אויסשניצן פון פּראָסטן דעמב,
און זון און טייך אַף קופּער-פלאַך צעקוועלן.

און אַל פלעגט שלינגען צויבער-מייסעס, שוידער-וואונדער
פון אַלי-באַבאַ, שערלאָק-האָלמס און „קיד ספּיטוני",
און איידל פלעגט דערציילן פאַרן שלאָפן לייגן
וועגן העלדן-טאַט פון הירשקע לעקערט און גערשוני.

# די יידישע שול

ניט ווייט פון דער סקול איז פאַראַן אַזאַ צימער
מיט יידישע בילדער און קווּעריקע שטאַבן,
און באַ הילצערנע טישן און אַף לאַנגיקע בענק
זיצן ייִנגלעך און מיידלעך און שרייבן.

און אַ לערער אַ יונגער מיט קרייטל אין האַנט
שרייבט יידיש און ענגליש צוזאַמען,
און רעדט אַזוי קלאָר און פּראַכטפול דערציילט
די זעלביקע מייסעם געהערט פון דער מאַמען.

און ווען איזי'ן און עלי'ן פירט די מאַמע אריין
גייט דער לערער זיי פריילעך אַנטקעגן:
— זעצט אייך, קינדער, אַט דאָ באַ דעם טיש,
איך דערצייל איצט אַ מייסעלע ווען —

דעם פּאַרצייטיקן העלד יעהודאַ מאַקאַבי,
וואָס געפירט האָט די יידן אין שלאַכטן,
נאָכדעם ווי זיי האָבן אין צאָרן דערוואַכט
אַפן רוף פון מאַטעסיאָהו, זיין טאַטן.

און עלי פאַרמאַכט, פאַרכאָלעמט די אויגן
און דערזעט זיך אַליין אין שווערדיקן פעכטן,
הערט זיין מוטיקן טאַטן וואָס רופט אַלע יידן,
צו דערשלאָגן דעם סוינע, דעם שלעכטן.

## דער בראָנזווילער צענטער

קום, עלי, מיט אונדז צום בראָנזווילער צענטער,
מיר האָבן היינט אָוונט אַ קינדער־ספּעקטאַקל.
דו וועסט זען די שפּיל „מאָטל פּייסי דעם כאַזנ׳ס"
און הערן די כעוורע אַף טרומייט און אַף פּייקל.

און זען וועסטו מיידלעך אין טוניקעס בלויזע,
ווי זיי טאַנצן אַרום מיט באָרוויסע פּיס,
ווי אַ באָכער אַ לעץ מאַכט נאַרישע שטיק
און דער אוילעם שרייט: נאָכאַמאָל, בים!

און פּאַראַן איז אין צענטער אַ „דזשים"
מיט הוידלקעס, רינגען און שפּרינג־פּערד,
און אַף ווייכברייטן טעפּיך מיר וועלן זיך דוועגן
ביז איינער פון אונדז וועט פאַלן אַף ד׳רערד.

און זונטיק בייטאָג אין „בעטסיהעד פּאַרק"
עס שפּילט סאָקער אונדזער הינסדיילער קלוב,
און מיר קלאַפּן דעם באָל אַ גאָל נאָך אַ גאָל
און גיבן די בראָנקסער אַ געפּעפּערטע גאָב.

## עלטערן און קינדער

עס זיינען הירשקע און איידל פּאַרטאָן
אין „בונדישע“ קרייזן און שטרייטן,
מען דערמאָנט זיך פאַרגאַנגענע טעג,
מען לעבט מיט אַמאָליקע ציַיטן.

און קינדער זיי בלאָנקען אַרום
איבער בראָנזווילער ראַשיקע ראָגן,
זיי שטעלן זיך אָפּ באַ אַן אוילעם
און הערן וואָס רעדנער דאָרט זאָגן.

און זיי הערן פון אַרבעט און נויט,
פאַרנאָגלטע שעפּער און באַנקען וואָס קראַכן,
פון דער יוגנט וואָס וואַנדערט אַרום
און פון הונגער־מאַרשירער אַף שליאַכן.

און יינגלשע הערצער זיי שוידערן אויף
פון סאַקאָ־וואַנזעטי׳ס עלעקטרישער גסיסע,
פון דעם בילבל אַף סקאָטסבאָראָ קינדער,
פון מוני און בילינגס אין טפיסע.

## שאַפּ

דער באָס ער קוועלט פון בראָנזוויל יונג,
וואָס טראָגט די פּעק ווי העמער וואַסער.
דער פאָרמאַן רייבט צופרידן הענט
וואָס עלי'ס רוקן ווערט אַלץ נאַסער.

נאָר באַלמעלאָכעס וואַרפן שאַרפן בליק
און זיינען אויפגערעגט און בייז,
ס'איז עלי פּונקט ווי זייער אייגן קינד
און ס'פּייניגט זיין צעהעלטער שווייס.

— ניט לאָז זיך, עלי, גיין אין שפּאַן,
הער אוים מיין פּאָטערלעכע אייצע,
דו היים זיך בעסער געבן באַלד אַ „רעיז"
און היט דיר אָפּ די ברייטע פּלייצע.

## די יוניאָן

דער האָל איז העל און אַ באַנייטער,
און שער-און-אייזן האָט זיך אויסגעשפּרייט,
און פירער דאָרט איז ווערטער-מייסטער
און מוטיק קלינגען זיינע רייד:

— האַלט שאַרף דיין שער און היים דאָס אייזן,
העל אויף די אויגן אין דער נאַכט,
מילכאָמע-צינדער זאָלן זיך ניט ווייזן —
זיי האָבן דאָך אַ וועלט שוין אומגעבראַכט.

— האָסט ליב דיין לאַנד, האָסט ליב דעם פרידן,
און ווילסט מיט קיינעם ניט קיין שלאַכט,
נאָר אויב דער נאַצי שטערט דעם פרידן —
באַגעגן אים אַ גרייטער, אויף דער וואַך!

# דו פֿרעגסט מיך

דו פֿרעגסט מיך, קינד מײַנס,
פֿאַרוואָס עס גיסט זיך ייִדיש בלוט
אין דײַטשלאַנד, בײַ די ברעגן פֿון דעם ריין.
פֿאַרוואָס עס שווײַגט דאָס דײַטשע פֿאָלק,
ווען ייִדיש האָב-און-גוטס
פֿאַרגייט אין פֿלאַקערדיקער שײַן.

אויך איך אַמאָל האָב אויפֿגעציטערט,
ווען ייִדיש בלוט אויף ערד אוקראַינער
פֿאַרגאָסן האָבן פּעטלוראַ און מאַכנאָ.
נאָר העלדן ייִדישע און בראַווע קריסטן
מיט נײַעם גלויבן האָבן זיך באַגלויבט —
אַז קומען וועט דער טאָג און שלאָגן וועט די שעה.

געקומען איז דער טאָג, מײַן קינד,
ווען איבער לענג און ברייט אוקראַינער
אויפֿגעשטאַנען זײַנען אַלע פֿעלקער-מאַסן
און מיט דער פֿײַערדיקער שווערד אין האַנט
און מיט דעם גלויבן מענטשלעכן אין האַרצן
זיי האָבן שאַנד-פֿלעק אָפּגעוואַשן.

איז זײַ-זשע, קינד מײַנס, אויך באַגלויבט
דורך העלדן ייִדישע אין לענין-לאַנד,
דורך ייִדן בראַווע בײַ מאַדריד,
אַז אויך אין דײַטשלאַנד בײַ דעם ריין,
וועלן אויפֿשטיין אַלע פֿעלקער-מאַסן
און פֿרײַ וועט ווערן אויך דער ייִד.

## שפּאַניע

די נאַכט איז שפּעט, דער דרויסן נאַס,
און עלי שפּאַנט אַליין אַהיים,
און דורך שטילקייט פון דער גאַס
דערהערט זיך דאָרט א קינד׳ס געוויין.

אָ, שטילע גאַס, דו ביזסט מיר טייער,
און איינגן איז מיר פּיצל קינד,
איך זע פון ווייטן בראַנדיק פייער,
און כ׳פיל דעם אָנקום פון דעם ווינט.

ווי קען איך רואיק היינט גיין שלאָפן
ווען נאַצים צינדן איצט מאַדריד,
ווען קינד־און־קייט פון דאָרטן רופן:
אָ, קום פאַרטיידיק און פאַרהיט.

אָ, דרימל איין, מיין בראָנזוויל גאַס,
און שלאָף איין קינדעלע, דו מיין,
איך לאָד איצט אָן מיין פּולווער־האַרץ,
אין ווייטן וועג איך פּאַק זיך איין.

## אַ ברודער פרעגט אַ ברודער

ס׳איז איזי שוין אין בעט געלעגן
ווען עלי איז אַ ווינטיקער אריין,
און דער רעגן פון זיין נאָס געזיכט
האָט זיך צעפינקלט אין דער שיין.

אַ בלאַסער האָט ער זיך געזעצט
באַם ראַנד פון ברודער׳ס בעט
און בליציק אויפגעשניטן קאָל
אין דער פינצטער-רעגנדיקער שפעט:

— כ׳קען ברודער מער מיין ווי נישט טראָגן
אָן איינגעשלאָסענעם אין זיך,
די שלאַכטן באַ מאַדרידער טויערן
זיי רופן און פאַרפאָלגן מיך.

## גיי נאָך דעם ווילן פון דיין האַרץ

גיי ברודער נאָך דעם ווילן פון דיין האַרץ,
און זאָל דאָס גליק דיך אָפן וועג באַגלייטן.
נאָר איין זאַך וויל איך פון דיר היינט,
בלויז איין זאַך מוז איך פון דיר בעטן.

דאָס לעבן דיינס געהערט ניט דיר אַלייך
אַז טראָגן זאָלסטו עס אין פלאַמען,
גיי נעם באַם טאַטן בראָכע-וואָרט,
גיי שטיל איין טרערן פון דער מאַמען.

## גיב מיר טאַטע דיין בראָכע

— גיב מיר טאַטע דיין בראָכע,
אַ האַרציקן אָנדענק אין וועג,
כ'זאָל הערן דיין טרייסטפולע שטימע
ווען כ'וועל אָנטרעפן טויטלעכן שרעק.

— וואָלט איך געשטאַנען פאַר מיין טאַטן,
ווי דו איצט שטייסט פאַר מיר,
וואָלט ער מיט וויינענדיקן האַרצן
מיסטאָם באַגלייט מיך צו דער טיר.

איז וויפיל האַרץ מיינס זאָל ניט בלוטן,
דאָך זע איך זיך אַליין אין דיר,
און כ'ווינטש אַז גאָט זאָל דיך באַהיטן
פאַר מאַמען דיינער און פאַר מיר.

## אַ מאַמעס טרערן

די מאַמע וויינט
און טרערן העלע ווי די פערל,
זיי פאַלן איבער עלי'ס שוואַרצע האָר,
דער טאַטע שטייט,
אין פענצטער מיטן הייסן שטערן
ווי פאַרגאַנגען וואָלט ער פון דער וואָר.

## איר האָט דאָך מיך געלערנט

איר האָט דאָך מיך געלערנט
טרײַ זײַן צו מײַן פֿאָלק און קלאַס,
און װי הירשקע לעקערט און װאַנזעטי
זיך ניט שרעקן פֿאַרן טױט און האַס.

איז װילט איר כ׳זאָל מײַן איך
אַ פֿײגלינג צװישן אײַך דאָ לאָזן,
דער גײסט ער זאָל פֿון מיר אַװעק
און אין שאַנד מײַן גוף פֿאַרלאָזן?

אָ, לאָזט מיך גײן אין װעג,
פֿאַר אײַער און מײַן אײגן גליק,
און גיט מיר אײַער ליבן װאונטש
אַז קומען זאָל איך זיגעריש צוריק.

## אָ פּ ש י י ד

אַדיע, מײַן פֿעלזן־שטאָט באַם יאַם
מיט העגנעגנדיקער ברוקלין בריק,
צי זע איך אײַך צום לעצטן מאָל,
און כ׳שענק אײַך איצט מײַן לעצטן בליק.

נישט בלויז פֿאַר שפּאַניע אַלײן
הױב איך מײַן יוגנטלעכע האַנט,
נאָר װײַל איך ליב מײַן האָרעפּאַשנעם שטאַם
און ליב אַמעריקע — מײַן לאַנד.

און אױב אַף שפּאַניעס שײנער ערד
אַװעקלײגן װעט מיך דאָס בלײַ,
זײַ װיסן כ׳האָב געטאָן מײַן פֿליכט,
אַז דו מײַן לאַנד זאָלסט בלײַבן פֿרײַ.

## אייב לינקאָלן אַף שפּאַנישער ערד

איבער פעלדער שפּאַנישע,
דורך בלוט און קאַנאַנאַדע
גייט פאָראויס אייב לינקאָלן
מיט זיין יענקישער בריגאַדע.

אַלטער קעמפער און באַפרייער,
זיגער באַ כאַראַמע,
ליב אונז זיינען שטרייפן, שטערן
און די קינדער דיינע בראַווע.

## צוויי וואָלונטירן

באַם עבראָ טייך,
נאָך הייסער שלאַכט,
צוויי בראָנזווילער זיך טרעפן.
— אָ, שופּין, באַי!
— אָ, עלי, דיר!
און ברידער זיך באַהעפטן.

באַם שטילן שטראָם,
אין שטערן ליכט,
פאַרציען זיי דעם רויך,
און ברוקלין בריק,
און פּיטקין גאַס,
פאַרשוועבן אין דער הויך.

# די באָטווין בריגאַדע

אַז פריי זאָל זיין שפּאַנישע ערד
און ניט גרייכן פאַשיסט זאָל מאַדריד,
דורך שטראָמען פון פייער און בלוט
אַ יידישע ראָטע מאַרשירט.

און שטאָלץ פלאַטערט פאָלקישע פאָן
אַף באַגנעטן און קאַסקעס צעגליט
און פריידיק דאָס שפּאַנישע האַרץ
שלאָגט מיט יידישן העלדישן ליד.

— העי, קינדער פון אוראַלטן פאָלק,
איר זיין פון מאַרטירערשן שטאַם,
וואָס טוט איר אַף שפּאַנישער ערד
וואו מ׳האָט זיידעס געברענט אַפן פלאַם?

— אַז פריי זאָל זיין שפּאַנישע ערד
און די וועלט פון פאַשיסטישע גרוילן,
מיר יידישע קעמפער מאַרשירן
צווישן העלדן פון פראַנקרייך און פוילן.

פאַר בלוטן פון לעקערט און באָטווין,
פאַר טרערן פון יידישע מאַמעס,
מיר טראָגן די פאָן פון באַפרייאונג
מיט די לינקאָלן און טעלמאַן בריגאַדעס.

## אַ בריוו

איך שרייב אייך עלטערן פון פראַנט,
פון שיינער שטאָט אַלמירע,
איך דין אין שפּאַניעם רויטן־קרייץ
און העלף די העלדן אירע.

מיין אַמבולאַנס איז שטענדיק גרייט,
איך יאָג דורך שפּליטער פון שראַפּנעלן,
עס זאָל די קריגער אין טראַנשיי
קיין שנעלע־הילף ניט פעלן.

ס'איז אונזערער דער שיינער מאָרגן
און אונזערס איז דאָס העלע גליק,
איז זייט־זשע מיר געזונט דאָרט אַלע
און העלפט אונז אויסקעמפן דעם זיג.

## אַלמירע רופט בראַנזוויל

אַלמירע רופט בראַנזוויל,
אַלמירע שיקט טרויער־סאַלוט,
געפאַלן איז עלי פון שערשעוו,
געפאַלן באַם אַמבולאַנס־ראָד.

דער סוינע געמאַכט האָט אַן אָנגריף
אַף פראַכטפולן האַפן פון שטאָט
און דעם בראַנזווילער העלד האָט געטראָפן
אַ קויל פון דעם נאַצישן פלאָט.

עס פלאַטערט אַף האַלב־מאַסט
די פרייע איבערישע פאָן
און טרויערט אַפן אומקום
פון איר העלדישן יידישן זון.

## דאָס מאַמע - האַרץ

עס טרויערט בראָנזוויל נאָך איר העלד.
אין שוואַרצן איז דער העלער צענטער.
דער טויט האָט ליבלינג אָפּגעשטעלט,
כאַווײרים זײנע קומען נעענטער.

און מאַמע-האַרץ נעמט ליב אַרום
זײן גוטן טאַטן און זײן מאַמען,
און ווייטיק קען ניט בלייבן שטום,
און צאָרן צינדט זיך אָן אין פלאַמען.

## אַ טאַטנ׳ס וואָרט

איך ווייס נישט וואו עס שטייט
מײן עלי׳ס פרישער קייווער,
איך קען קײן בלומענקראַנץ
אַצינד אַף אים ניט לעגן,
נאָר אײן זאַך ווייס איך,
ער האָט געטאָן זײן פליכט
און אַז אין האַרצן פון זײן קלאַס
וועט זײן אָנדענק אייביק לעבן.

איך ווייס ניט וואָס געוועזן
איז עלי׳ס לעצטער וואונטש,
איך יענער לעצטער שאָ,
בעשאַס זײן לעצטן ווײ,
נאָר אײן זאַך ווייס איך,
ער האָט מיסטאָם געגאַרט
אַז איך און מאַמע זײנע
זאָלן ליבן זײן פּאַרטײ.

# שטאַטישע מאַטיוון

אַ דאַנק דעם בלעזלענדיקן וואַסער־קוואַל,
אַ דאַנק דעם גרינעם האָריזאָנט,
וואָס האָבן אויפגעהעלט דיין סומנע בליק
און האָבן דיר אָן מיר דערמאָנט.

נאָר כיהאָב שוין לאַנג דעם סטעפּ פאַרביטן
אַף כוואַליענדיקן בלענד פון אָקעאַן,
און פּאָניק פלאַטערט אום מיין האַרץ
וואו שטורעם־ווינט איז נאָר פאַראַן.

פון דעם האָרסאָן ביז איסט־ריווער,
און פון האַרלעם ביז צום יאַם,
הויכט מאַנהעטן צו די הימלען,
טויזנט ־ טורעמדיקער וואָלקן ־ קאַם.

רעוועו שיפן באַ די ברעגן,
קווימשען באַנען איבער בריקן,
קלינג ־ געקלאַנג און גוואַלד ־ סירענעם —
וואַנזין דורך מיליאָנען בליקן.

פון דער אונטערערד און הויכבאַן,
איבער סקווערן, איבער ראָגן,
כוואַליעט מענטשן ־ יאַם אין אומרו,
ווייל דעם שטאָל ־ בעטאָן צעשלאָגן.

## שטאָל און אײַזן

אײַזערנע באַלקנס, שטאָלענע רעלסן,
ניטן געקאָוועט מיט עגבער־באַגנעט,
טורעם ווי שאַרבן, שטאָקן ווי ריפּן,
וואַקסט אַ גיגאַנט, אַ סקעלעט.

הויך איבער שטאָט קלינגען קייטן־מאַשינען,
מוסקולן פֿירן עלעקטרישן גאַנג,
בראָנזענע לײַבער אין שווייסיקן גלימער
דונערן אויס פֿון מעטאַל אַ געזאַנג.

קומען אָן שפּאַלן אָף וואָלקנס צערייטן;
גיבן זיך רעלסן אַ שטאָלענעם פּראַל;
שיסן דאָרט בויער די ניטן די הייסע,
פּויקן אין בלויען אַ פֿייער סיגנאַל.

ראַפּטאָם אַנטשווינגן די צײַנערנע וואַלצן,
פֿאַראַנקערט פּעדאַל האָט עלעקטריש געיעג.
קלעטערן בויער אַרונטער, צערעכענען
דאָלער און סענטן פֿאַר שוויים און פֿאַר טעג.

שטייען זיי מיד די ברייטפּלייציקע ריזן,
פֿון שטאָל און פֿון אײַזן אַ מענטשלעכער קנויל.
ציילט אָף די פֿינגער מינוטן דער פֿאָרמאַן,
ציגאַר־האָלעוועשקע פֿאַרביסן אין מויל.

ווישן זיי אָפּ מיט די אַרבל געזיכטער,
ווערן פֿאַרשוואונדן אין גאַסן־געדראַנג.
שטייען אויף פֿינצטערן שטאָל־רעשטעוואַניעס,
בענקען דערהערן מעטאַליש געזאַנג.

## „הענרי די קיד"

פון אכט אין מישפּאָכע
איז הענרי דער יינגסטער,
נאָר העכער מיט קאָפּ
און ברייט ווי אַ שמיד,
דאָך רופן אים ברידער
מיט שפּאַס — „דער מיזיניק",
און ס'רופט אים די גאַס:
„הענרי די קיד".

ס'קען קיינער ניט קלינגען
אַ האַמער ווי הענרי
און קלעטערן באַלקנס
ביז אונטערן הימל,
ס'קען קיינער ניט זינגען
אַ פרייד-ליד ווי הענרי,
אַ לויב יעדער מיידל,
אַ שמייכל יעדן בלימל.

ס'קען קיינער ניט פלאַמען
ווי ווינטיקער הענרי,
צווישן מוידן אַ שטיפער,
צווישן כעוורע — אַ יאַט,
מיט בוי-גענג צוזאַמען
פאַרטרינקען די סכירעס,
פאַרמעסטן די בלוטן
און איינגעמען שלאַכט.

## ראָכל

אין אָוונטן שפּעטע אויף וויליאַמסבורג בריק,
עס פלאַפּלט דער ווינט און צעפּאַטלט די האָר,
און ליפּ איבער ליפּ ציט אָטעם פון גליק,
און פייערלעך טיקן אין אויגן צוויי פּאָר.

— אָ ראָכל, מיין קרוין, נעם נורע זיך איין
און זע ווי דער הימל נעמט טאָגן.
— אָ העגרי, מיין פרייד, מיין הארץ איז אין שרעק,
מיין טאַטע, ער וועט מיך פאַריאָגן.

— אָ נאַרישע מויד, איך שווער דיר געטריי,
כ׳וועל טראָגן אין הארצן דיך אייביק.
— אָ העגרי, אָ ניין, קום נעם מיך אהיים
און ווער בא מיין טאַטן אויך גלויביק.

## ניט פאַרטריבן האָט טאַטע . . .

ניט פאַרטריבן האָט טאַטע,
דער אַלטער מויש - אַרן,
זיין ראָכל, זיין איינציקע טאָכטער.
געשטאָרבן זיין זלאַטע,
איז וואָס זאָל אים אַרן,
אַז טאָכטער וויל ברענגען אַ באָכער.

קום, העגרי, צופאָרן
צום שטיבל באַם ריווער
און וואוין דאָ מיט טאָכטער מיט שיינער.
איך וועכטער מויש - אַרן,
איך פּיל שוין דעם גליוועך
און ס׳גריזשעט שוין טויט מיינע ביינער.

## כ׳האָב ליב אַ געצעלט . . .

כ׳האָב ליב אַ געצעלט, צווישן הימל און „על",
וואו די באַן שיסט פאַרביי מיט שראַפּנעלן פון שטאָל,
און ליכט - פינטלען טאַנצן — צעשערבלטע ווערטער,
וואו מעשענער וואַנזין זיך רייסט פון דער קעל,
און ס׳גיסט זיך אַריין סאַקסאַפאָנישער קאָל
אין שיקערן כאָר פון לוסטיקע טעכטער.

כ׳האָב ליב דעם אַספאַלט און ברוק איבער סקווער,
וואו לייקענע שיך קנאַפּלען אוים אַ געזאַנג,
און שפּילן-אוים טריט ווי אַף שפּיגל-פּאַרקעט;
וואו ליכט פון נעאָן צינדט אָן בלוטן - באַגער
און ליפּן אין רויט סאַרפּען דורשט און פּאַ-לאַנג,
און ס׳האַרץ שפּרינקלט פרייד ווי אַ קווייטן - ראַקעט.

## דאָרט וואו מאַנהעטענער גאַס

דאָרט וואו מאַנהעטענער גאַס
ברייטערט זיך אוים אין אַ סקווער,
דאָרט וואו דער הונגער און האַס
צאַרענען אויף דורך אַ טרער,
דאָרט האָט די נויט זיי פאַרקנאַסט,
דאָרט זיי פאַרקניפּט האָט באַגער.

און שטענדיק דורך רעגן און גליווער
זיי וואַנדלען באַם האַדסאָנער ברעג,
און אייביק פאַרכאַלעמט ווי קינדער
זיי שמייכלען ווי פליסיקער וועג,
און מיט אויגן ווי גליאיקע צינדער
זיי טרוימען אין מאָרגן אַוועק.

## דער שוימער פון שפייכלער

געשטאָרבן פון הונגער דער אַלטער מויש - אַרן,
דער שוימער פון שפייכלער באַם ריווער,
געשטאַנען אַף וואַך פיר צענדליק שוין יאָר,
נאָר קיינער איצט וואַכט באַ זיין קייווער.

בלויז ראָכל און הענרי קינדיש באַוויינען
זיינע זיבעציק פינצטערע יאָרן,
בלויז קאַברען און שאַמעס געניינען
און נידערן הילצערנעם אָרן.

וואו זיינען די טעכטער פון קאָרענעם סטעפּ?
וואו זיינען די באָנים פון דניעסטער?
עס האָט דאָס געניי זייער כיעם צעשטעפּט
אַף פּאָלעם פון גרוים - שטאָט דער גרעסטער.

## יוניאָן סקווער

אַלע וועגן פון מאַנהעטן
פירן צו דיר, יוניאָן סקווער.
הונגער - אויגן זוכן זעטן,
אומרו - בלוטיך — האַרץ - באַגער.

איז יעדער טאָג דאָ שטורעם - צייט,
יעדער האַרץ איז דאָ פאַרביטערט.
יעדער שויב פון דאָ און ווייט
האָט ניט איינמאָל שוין געציטערט.

ליגן אין דיין שוים געשטאַלטן,
פויסט צוקאָפּנס איינגעביסן.
יעדער פוס - טריט אַף אַספאַלטן
וואָלט דיין גרונט - שטיין אויפגעריסן.

## בויער און שאַפּער

בויער פון גרויסשטאָט מאַנהעטן,
פרעמדע אַף אייגענע גאַסן
אַ נעכטיקן ביסן צערויען.
און הענט ווי די טרוקענע צינגער
מיט וואָלפישן הונגער זיך שטרעקן.

און פליישן, געבעקסן און טרויבן
שמייכלען דורך זילבערנע שויבן.

שאַפּער פון ווייגען און זעטן,
איינזאַם אַף פינצטערע סקווערן
ליכטיקייט זוכן אין גרויען
און הערצער אַף ברוקשטיין געלעגער
פון שלאָף אין אַ צאָרן זיך וועקן.

און וואַלסן פאַרשיקערט צעקוועלן
פרייד דורך די העלע האָטעלן.

# יונגער פאַרמער פון דאַקאָטאַ

יונגער פאַרמער פון דאַקאָטאַ,
וואָס טוסטו דאָ אַף יוניאָן סקווער?
זיין לעצטע קו דאָרט היט דיין טאַטע,
פאַרקלאַמערט אָנגעשטאָלט געווער.

פוסט דער שפּיל-פּלאַץ, פליינען וויאַנען,
אָן געלעכטער מעין-סטריט ראָגן.
מיט פלאַטער רויכן פון די באַנען
אוועק איז יונגוואַרג אין פאַרטאָגן.

קלאַעדיק דיין ראַבע בראַנקע
הירזשעט נאָך די פעלדער גרינע.
אפלען זוכן דיך אַף לאַנקע,
צונג — דיין האַנט מיט קאָנושינע.

ווייסלען מיידלשע ווי צוויטן
זוכן אום דיין בלאָנדן שויבער,
אומרו-פרייד אין די געבליטן
בענקען נאָך דיין ווערטער-צויבער.

יונגער פאַרמער צינדט זיך אָן,
ניטאָ אין אויג באַ אים קיין טרער.
זיין פּאָנים פלאַמיק ווי אַ פאָן
פלאַטערט אום אַף יוניאָן סקווער.

## נעגער - יונג פון אַלאַבאַמאַ

נעגער־יונג פון אַלאַבאַמאַ,
וואָס טוסטו דאָ אַף יוניאָן סקווער ?
אַף קאַטן פעלד דאָרט קלאָגט דיין מאַמע,
גיסט נאָך דיר איר לעצטע טרער.

איינזאַם פליסן מיסיסיפּי ברעגן
אָן דער פרייד פון דיינע לידער.
שטאָל קלינגט איצט אַף אַלע וועגן —
קייטן־קלאַנג פון דיינע ברידער.

אַף אַ בוים דאָרט בײַ דער דעלטע
הענגט דיין כאַווער'ס יונג לעבן.
קעגן שייטער־שטריק געוועלטן
האָט ער האַרץ זיינס אָפּגעגעבן.

אין דעם פּאָרט פון ניו אָרלינס
וואָגלט אום דיין שיינע מאַרטע,
שענקט די ליפּן פאַר פאַרדינסט,
טיילט די גלידער אירע צאַרטע.

יונגער נעגער פלאַקערט בראַנד,
ניטאָ אין אויג בײַ אים קיין טרער,
אין אַ פויסט זיך קלאַמערט האַנט,
שטשעמעט צאָרנדיק דעם סקווער.

## ווינטער - אידיליע

עס ליגט דער האַר שוין מיד פון וואָוילטאָג,
מער ווײַן ווי בלוט אין שפּיל פון זײַן געבײַן,
און זי, די האַרנטע, אין בלוי פאַרטאָג
באַשפּרינקלט בסאָמים אויף צעפּריעטן כײַן.

עס דרימלט וואַרעם דער באַגילדטער טורעם,
געשפּיגלט אין קרישטאָלוואַרג פון אַלייען.
דאָס דרויסנדיק געוויין פון ווינטערדיקן שטורעם
ניט וועקט פון שלאָף פאַראָטעמטע אײַנצווייען.

בלויז דעם פּאַרק און קרוכלע זילבער - בלענד
האָט אַ בלודנער מענטש צעפּאַטלט און פאַרפּלעקט.
פאַרוואָרפן שטריק אויף הויכע טאָפּאָל-הענט
האָט ער דעם טויט אַ צונג אַרויסגעשטעקט.

נאָר ס'לאַכט דער פראָסט אין שנייאיקן געדריי
און שפּייט דעם טויטן גלײַך אין פּאָנים:
— כע, כע! די קלוגינקע אין טורעם זײַנען צוויי,
פאַר מיר געלאָזט בלויז די נאַראָנים!

נאָר ס'האָט געלעכטער זיך באַם בריק פאַרהאַלטן
אין פאַרגאַפּטן גליוער ניט געיאָגט זיך ווייטער:
אונטער אײַזן - סטריכע האָבן צונטערע געשטאַלטן
אַ צאָרן - ליד געקאָוועט אַרום הונגער - שייטער.

## באַם סאַרפּיקן שייטער

אַ באַנאַכטיקער פייער
צעצונדן האָט סקווער.
צווישן צונטערע קרייזן
האָט צעזינגען זיך ווער:

— קום, ברודער, צום שייטער,
גלי אָן דיינע הענט,
געשלאָסענע פּלייצעס
ברעכן ווינטן ווי ווענט.

— קום, נעענטער, באַדי,
צום אָטעם דעם גרויסן.
אינאיינעם איז וואַרעמער
צו פרירן אין דרויסן.

— וואַרף צו אויך דיין צאָרן,
לעג צו אויך דיין האַנט.
אַ פונק צו אַ פונק
גייט אויף אין אַ בראַנד.

— קומט נעענטער, ברידער,
ווער קאַלט און ווער אָרעם.
מיר זאַמלען דאָ סרייפע,
מיר זאַמלען דאָ שטורעם.

## — „סעי, באָדי,״ . . .

— סעי, באָדי. —
מען זאָגט עס איז פאַראַן אַ לאַנד,
וואו טייער איז דעם מענטשנס האַנט,
וואו אייגן איז זיין ווייב און קינד
און ס׳לעבן איז ניט וויסט און ווינד.

— סעי, באָדי, —
מען זאָגט עס איז פאַראַן אַ לאַנד,
וואו רייך איז דאָרט דער אָרעם־שטאַנד,
וואו כאַוועריש איז מי און פרייד
און ברידערלעך ווערט ברויט צעטיילט.

— סעי, באָדי, —
איז ווען־זשע וועט בא אונדז אין לאַנד
כאַשעוו ווערן אויך מיין האַנט?
שמייכלען וועט מיין אָרעם קינד
און אויפגעריכט מיין הויז־געזינד?

— סעי, באָדי, —
איז ווען־זשע וועט בא אונדז אין לאַנד
אויפשטיין אונדזער פראַצע־שטאַנד,
אַ שלאָג טאָן איבער זעט און רייך
און אַלץ צעטיילן יעדן גלייך?

# דערוואַכונג

הענט אָן אַ זין און אויגן אָן דרימל.
ליפּן פֿאַרכאַלעשט און טרוקן דער גומען.
און טורעם דאָרט פֿינגערט
מיט ציילעם צום הימל
און ס׳ציטערט דער גלאָק
אַ הייזעריק ברומען :
— ניט לאַנג און ניט לאַנג
און דערלייזונג וועט קומען !

הענט ווערן צאָרן און אויגן אַ שטורעם.
מענטש גלייכט זיך אויס און ער ווערט.
ווילט זיך אים קלאַפּן
אין קופּאָל פֿון טורעם,
בייגן דעם ציילעם מיט פֿינגער צו דר׳ערד :
— אַ קלאָג אייך, אַ קלאַג,
אַט דאָ איז מיר לעבן באַשערט !

## מ אַ י

מאָסן פּים אין שפּאָן פון פייקלעך,
מעש געקלאַנג אין יעדער שויב,
פייער - פאָנען ווי די פאַקלען
צינדן יאָנטעווודיק דאָס אויג.

פרוי און מאַן מיט קינד אַף אַקסל,
יונג און אַלט אין זעלבן גאַנג,
ברוין און רויט און געל און ווייסל,
פרייד און מוט אין יעד געזאַנג.

ברוסט נאָך ברוסט אין גלייך פון נאַקן,
בונט-בריגאַדעס טראָגן זשמעניעס זון,
פלאַקערט האַרץ אַף ווינט - פלאַקאַטן,
שאַלט דער סקווער מיט דעם טריבון.

וואַקסן פויסטן הויך און העכער,
קליגט און ציטערט דער אַרום.
שטאָל און פולווער אין די לעכער
שלינגען סינע אין דער שטום.

## אַ יאַנטעוו אין מאַנהעטן

מיט טומל, מיט יוגנט און רייד,
נאָך פלאַטערן העל אין די הויכן,
איז מאַי־פרייד אַוועק איבער גאַסן
וואו דער יאָנטעוו מיט זון האָט געלויכטן.

און ווען באַפליגלטער ווינט אַ פאַרשייטער
צעבלאָזן האָט מענטשלעכן פלאָנטער,
אַוועק זיינען דרייען שפּאַצירן —
אַ מויד, אַ ברונעט און אַ בלאָנדער.

און געלאַכט און געשאַלט האָט אַספאַלט
פון זייער שפּאַן און זייער לוסטיק געלעכטער,
און געגאַפט האָבן פינצטערע שעפער,
און געגלאָצט ווי דערשראָקענע וועכטער.

אַף עוועניו פינפטער איז יאָנטעוו
און ס'גליטשן זיך שטיל אַוטאָבוסן,
און די פּאַרלעך אַף די אָפענע דעקן
געשיקט מיטן ווינט האָבן גרוסן.

# האַרלעמער מעלאָם

## אין נעגערשן פאָלק-טאָן

אַ מאַטאָנע מיין שוועסטער און מיינע פיר ברידער,
אין אָנדענק פון די קינדער-יאָרן אַף „יוניאָן-פּלעיס".

אין פלעטבוש געווען איז אַ געסל
מיט הילצערנע שטיבער בלויז פיר,
און יידישע און נעגערשע קינדער
געשפילט האָבן זיך באַ איין טיר.

און ווען אָוונט פלעגט קומען צוגיין
און פאַרשאָטענען אָרעמע דירעס,
פלעגן זיצן אַף טרעפּ אין געשפּרעך,
די דזשעקסאָנס, די שניידס און שאַפּיראָס.

נאָך רייכער און ייכעסשער געגנט
געטראָגן אין האַרץ האָט אַ האַס
און אָפּגעקויפט הילצערנע הייזער,
און אָפּגעווישט ברידערשע גאַס.

האַרלעם אין טראָנטעס
שמייכלט מיט ציין,
האַרלעם אַ באָרוויסע
שימיט געביין.
ליפּן צוויי דורשטיקע
לעכצן נאָך גליק,
אויגן דערשראָקענע —
שייטער און שטריק.

אױף יענער זייט דיקסי,
אױף יענער זייט מעיסאָן,
וואַרט דאָרטן סקאַטסבאָראָ,
קעמפּ־היל, אַטלאַנטאַ,
עפּעס דערהערן —
וואָס האַרלעם וועט הייסן.

האַרלעם אין אָוועראַלס
שאַרפט מיט די ציין,
האַרלעם אַ צונטערע
שטייט ניט אַליין.
שטימען פילברוסטיקע
שאַלן אַ רוף,
אויגן דערצאָרנטע —
פייער און שטראָף:

צו יענער זייט דיקסי,
צו יענער זייט מעיסאָן,
הערט דאָרטן, סקאַטסבאָראַ,
קעמפּ־היל, אַטלאַנטאַ,
אַזוי־און־אַזוי,
האָט האַרלעם געהייסן!

## וויג-ליד

דעם מאַסטער׳ס זינדל, בעיבי דזשים,
וויל אין זיין וויג ניט ליגן,
בלויז קליינער נעגער, ווילי דזשאָרדזש
קען פּיצל האַר מיט ליד פאַרוויגן:

„ווען בעיבי דזשים וועט ווערן עלטער,
ווען איך אַליין וועל ווערן גרויס,
וועלן מיר ביידע אָט דאָ וואוינען,
איך אין קיך, און ער אין הויז."

„און בעיבי דזשים וועט דאַן מיר זאָגן :
— אַלטער נעגער, לויף אין פעלד נאָך קאָרן!
וועל איך זאָגן: — יעס, סער דזשים,
כ׳וועל ניט אויפרעגן דיין צאָרן."

„דאַן וועל איך לויפן שפּאַנען פערד
און דעם שיינעם קאָרן ברענגען,
און מאַסטער דזשים וועט טרינקען וויין
און פריילעך לאַנג פאַרברענגען."

## דער איינזאַמער וועג

ער איז אַוועק מיט דעם איינזאַמען וועג,
ער איז אַוועק מיט דעם איינזאַמען וועג,
און ער קומט ניט צוריק.

כ׳האָב שוין פאַרגעסן דעם כעשבן פון טעג,
כ׳האָב שוין פאַרגעסן דעם כעשבן פון טעג,
און דעם אָנבליק פון גליק.

אַ קליין שאָטנדל פאַלט דאָרט אַריבער דעם וועג,
אַ קליין שאָטנדל פאַלט דאָרט אַריבער דעם וועג,
עפשער קומט ער צוריק.

אַ ווײַס שיפעלע ציט צו מײַן פינצטערן ברעג,
אַ ווײַס שיפעלע ציט צו מײַן פינצטערן ברעג,
עפשער ווידער מײַן גליק.

## ווײַט פון דער היים

אויב איך וועל שטאַרבן ווײַט פון דער היים,
שיקט מײַן קערפער אַפּ אַהיים,
זאַמלט אַ ניקל, זאַמלט אַ דאַים,
זאַמלט אַ קוואָדער, שיקט מיך אַהיים,
שיקט מײַן מאַמען מײַן געביין.

איך בין עלנט אַזוי ווי אַ שטיין,
איך מיט מײַן הונגער, ביידע אַליין,
קיינער פאַרנעמט אונדזער געוויין.
אויב איך וועל שטאַרבן ווײַט פון דער היים,
שיקט מײַן מאַמען מײַן געביין.

# אין אָוונט די זון טוט פֿאַרגיין

אין אָוונט די זון טוט פֿאַרגיין,
אין אָוונט די זון טוט פֿאַרגיין,
יינגל האָט ניט וואוהין צו גיין,
יינגל האָט ניט וואוהין צו גיין,
וואוהין צו גיין.

דער טאַטע טויט, די מאַמע אַליין,
דער טאַטע טויט, די מאַמע אַליין,
יינגל האָט ניט ליגן וואו געבליין,
יינגל האָט ניט ליגן וואו געבליין,
ליגן וואו געבליין.

קליידער צעריסן, באָרוועס די פֿיס,
קליידער צעריסן, באָרוועס די פֿיס,
כ׳גיי איצט אַהין וואו מיין מעמי איז,
כ׳גיי איצט אַהין וואו מיין מעמי איז,
וואו מיין מעמי איז.

דאָס שטיבעלע דאָרטן איז מיר באַקאַנט,
דאָס שטיבעלע דאָרטן איז מיר באַקאַנט,
מאַלצייט אין טעפּל, ליולקע אַף וואַנט,
מאַלצייט אין טעפּל, ליולקע אַף וואַנט,
ליולקע אַף וואַנט.

# קלאָוד-ניל

דיינע פּרוכפּער-זוימען און די ביינעמייעם
דיך געצוואונגען בלוט-רוי עסן,
צוויי הונדערט קוילן האָבן גוף צעשטעפּט
דורך האַרץ און דורך געהירן.
אין ברוסט אַ קאַצעוו-קלינג,
די פּיאַטעס בראַנד צעפּרעסן,
די פינגער-שניץ געטיילט
פאַר לינטשערס סואווענירן.

קלאָוד ניל, אַפילו ווען אין האַרלעם
וואָלסט אַנטרינען,
באַהאַלטן זיך פון שייטער
צווישן מענטשן-קינדער,
ס׳וואָלט סוינע היימישער פאַרקויפט דיך,
באַלד געפינען,
געפּענטעט דיך געשיקט —
אַ רינדפלייש פאַר די צינדער.

און מעגן ווילדע הינט
צעגריזשען דיין געביין,
און קיינער זאָל ניט וויסן
וואו די פּים און הענט,
פאַראַן אַ האַרץ אַ גרוים,
וואָס בלוטיקט פאַר דיר, ניל,
וואָס צינדט אין מאָסן אָן
פאַר דיר אַ מאָנומענט.

# אַפריקאַנישע ליד

— טאָכטער מיינע, שוין צייט דיך פֿאַרקנאַסן,
צוועלף העלע זומערס אַף דיין פּאָנים צעגאָסן.
קום כ׳וועל דיר זוכן אַ כאָסן אַ שיינעם,
עפּשער האָבן די כאַפּערס געלאָזט דאָרטן איינעם.

— מאַמע, איין מאַן וועט מיך קיינמאָל ניט פֿרייען,
איך האָב אין זיך ליבע מער ווי פֿאַר צווייען.
ווערסט זען איך וועל געבן איעדן פֿון זיי
מער ליבע ווי ס׳האָבן צוזאַמען די צוויי.

כ׳וויל איינער זאָל טראָגן אַ סאַרפּיקע שווערד
און יאַגדן דורך נעכט אַף ספּאַלאָשעטן פֿערד.
און ווען דער מאָרגן וועט פֿאַלמע באַגיסן מיט גאָלד
זאָל ער קומען אַהיים און געפֿינען זיין האָלד.

דער צווייטער זאָל זיין אַ פֿישער אַ פּלאַם
און ריזלען דורך טעג איבער כוואַליעס פֿון יאַם.
און ווען אָוונט וועט פֿאַלן אַף בוים און אַף קוסט
זאָל ער נאַכטלעגן קאָפּ אַף מיין ליבענדער ברוסט.

— קינד מיינס, אַזוי איז באַשערט שוין פֿון לאַנג,
אַז זעלטן איז מאַן און שווער איז זיין פֿאַנג.
גיי טאָכטער, געפֿין דיר כאָטש איינעם פֿון זיי
און ליב אים אַזוי ווי געליבט וואָלסטו צוויי.

# דזשעמאַימאַ

אַף האַרלעמער גאַס
האָסטו אויגן געמאַניעט
מיט לירישן:
„האָני, אַר יו לאָונסאָם טונאַיט?“
האָט אַ נייער געפיל
אין זיין האַרץ זיך פאַרגאַנוועט,
האָט אַן אַלטער מאָטיוו
אין זיין בלוט זיך באַנייט: —

— קום טאָכטער, כ׳האָב אַ לעצטן
פאַפירענעם דאָלער,
און דו האָסט אַ הונגער
וואָס וויינט און וואָס נאָגט.
וועל איך היינט זיין דיין כאָסן
און דו מיר אַ קאַלע,
וועט אונז וואויל זיין
ביז בלוי איז פאַרטאָג.

ס׳איז קאַלט דאָ, דזשעמאַימאַ,
אין פינצטערן צימער,
און הייזעריג סקריפּעט דיין בעט.
לאָז וואַרעמען קעלט
אין דיין סאַרפּיקן קימער,
דיינע ליפּן פאַרביסן,
דיין בליק אָבער רעדט.

קענסט ליבן, דזשעמאַימאַ,
קענסט סאַרפּען און האַסן,
קענסט וויטיק און פרייד
אין אַ שמייכל צעביטן.
אין ווייען פאַרלוירן
האָט נויט דיך אַף גאַסן
וועט פאָלק דיך געפינען
אין צאָרן פון צייטן.

## עס שרייבט דער מאַן

אַ בריוו האָט מיין מאַן מיר געשריבן:
ער ווערט דאָרט אין טשעין-גענג צעריבן.
ער שלאָגט מיט אַ האַמער אַף שטיין,
נאָר די בייטש, זי צעשניידט זיין געביין.

אַ קעפּטן, אַ קעפּטן, לאָז מיך גיין צו מיין מאַן,
עפּשער איז נאָך פאַר אים אַ רעטונג פאַראַן.
זיי ניט בייז אַף אַן אָרעמער נעגערשער פרוי,
וואָס וואַשט און וואָס פּרעסט פון מאָרגן ביז גרוי.

אַ קעפּטן, אַ קעפּטן, איך זע טויט אין דיין בליק.
עס וועט שוין מיין מאַן ניט קומען צוריק.
עס ליגט שוין זיין האַמער און זשאַווערט אַף שטיין
און ווערים צעפרעסן זיין איינזאַם געביין.

## דער טורמע־שליסל

די מאַמע האָט געבראַכט מיר קאַווע,
די מאַמע האָט געבראַכט מיר טיי,
די מאַמע האָט מיר אַלץ געבראַכט,
אָבער ניט דעם טורמע־שליסל, ווײ!

אוי דריי מיך איבער, ברודער,
אוי, פּאַוואָליע דריי,
ווייל אין האַרץ די קוילן
טוען מיר נאָך וויי.

איך האָב אין פעלד געאַרבעט,
איך האָב געקאָסעט היי,
איז דער פּאָרמאַן מיך באַפאַלן
און מיט בייטש געשמיסן, ווײ!

אוי דריי מיך איבער, ברודער,
אוי, פּאַוואָליע דריי,
ווייל אין האַרץ די קוילן
טוען מיר נאָך וויי.

איך האָב אים צוריק געשלאָגן
פאַר יעדן קלאַפּ געגעבן צוויי,
זיינען ווייסע מיך באַפאַלן
און מיט בליי געשאָסן, ווײ!

אוי דריי מיך איבער, ברודער,
אוי, פּאַוואָליע דריי,
ווייל אין האַרץ די קוילן
טוען מיר נאָך וויי.

אינדרויסן קלינגען פֿום־טריט,
אינדרויסן הער איך אַ געשריי,
עפּשער קומען זיי מיך נעמען
און אַף שטריק מיך לינטשן, ווײ!

אוי דריי מיך איבער, ברודער,
אוי, פּאַוואָליע דריי,
ווייל אין האַרץ די קוילן
טוען מיר נאָך וויי.

עפּשער איז דאָס גאָר מיין מאַמע,
עפּשער קומען מיינע ברידער צוויי,
עפּשער ברענגט מען איצט צעטראָגן
מיר דעם טורמע־שליסל, ווײ!

אוי דריי מיך איבער, ברודער,
אוי, פּאַוואָליע דריי,
ווייל אין האַרץ די קוילן
טוען מיר נאָך וויי.

## נעגער און ווייסע

אַ נעגער געזינד
פֿון זעקס מיט אַ קינד
אַרויסגעזעצט אַף טראָטואַר.
אַ באַנק און אַ בעט,
אַ לינקאָלן פּאָרטרעט,
אַן אַלטע באַפּוצטע גיטאַר.

ס׳קלינגט ווי אַ מייסע,
פיל נעגער און ווייסע
געקומען מיט רייד און פּלאַקאַטן.
אַ פּראַל און אַ שטויס,
געטראָגן אין הויז —
דאָס מעבל, דאָס קינד און דעם טאַטן.

נאָר ווי אונטער דער ערד
אַף פאַרד און אַף פערד —
„בלוי־רעק״ צום שרעקן און שעכטן.
און ס׳טראָגן שוין טרעגער
צוויי ווייסע, איין נעגער,
פאַרברידערט אין בלוט פון געפעכטן.

## פאַרברידערט אין בלוט

פאַרברידערט אין בלוט,
זייער לעצטן מאַרשרוט
טראָגן פּלייצעס ווי שטאָל אַנגעגליטע.
טרויער און צאָרן
איז ווייטיק געוואָרן
אין הערצער און הענט מוסקוליסטע.

געפאַלענע אין קריג,
פאַר ברויט און פאַר גליק,
פאַר קלאַמערן פויסט קעגן שלעכטן.
מיר שווערן באַם גריב,
אַז קומען וועט זיג,
פאַר פרייהייט פאַר נעגערשע רעכטן.

# אינהאַלט:




אַרויסגעגעבן מיט דער אַקטיווער מיטהילף
פון בראָנזווילער גרופּע „אַכצן־פערציק־פיר"






אויפגעזעצט און צוזאַמענגעשטעלט דורך
דעם מעכאַבער אין דער דרוקעריי פון דער
„פּראָמפּט פּרעס", 119 פערטע עוועניו, נ. י.